ראֹשׁ־הַשָּׁנָה נוּמֶער.

№ 38. צווייטער יאָהרגאַנג

יוּדִישֶׁע

# פָאלְקְס־צַייטוּנג.

16 September 1903. פֶערְלַאג „פָאלְקְס־בִּילְדוּנג" וַוארְשָׁא. כ"ד אֱלוּל תרס"ג.


אִינְהַאלְט: צום נײַעם יָאהר (שיר); א. רַייזֶען. — אַ יָאהר פון טרערען; מ. ס. — ראש הַשָּׁנָה; ש. ט־ש. — צווישען צַייטונגען און זשורנאַלען; לֶעקְטָאר. — פּאָליטישע נײַעס. — נײַעס פון דער וואך: I וועלט נײַעס; II יודישע נײַעס. — בערגנאר לאזאר. — יְדִיעוֹת וועגען אוגאנדא. — אַ מְשׁוֹרֵר'ל אויף יָמִים נוֹרָאִים (אַ בּילד); שָׁלוֹם אַשׁ. — וואס זאָלען מיר עֶסען און טרינקען?; פ. קַאנְטָארָאוִו ט־ש. — אלטנײַלאנד; מ. קְלֵיינְמַאן.

יוּדִישֶׁע פְרוֹיעֶנְוועלט: אַלגעמיינע נײַעס; יודישע נײַעס; — פרויען־מלוכה; מַלְכָּה גאָלדמאן. — מוֹדָעוֹת.

פֶעלִיעֶטאָן: כַּפָּרוֹת; שָׁלוֹם־עֲלֵיכֶם.

## צוּ אוּנְזֶערֶע גֶעעֶהרְטֶע אַבָּאנֶענְטֶען.

מִיר דֶערְמַאנֶען דִי גֶעעֶהרְטֶע אַבָּאנֶענְטֶען, אַז מִיט

## דֶעם נוּמֶער 39

עֶנְדִיגְט זִיךְ דֶער אַבָּאנאָמֶענְט פוּן דִי וואָס הָאבֶּען אוֹיסְגֶעשְׁרִיבֶּען דִי פָאלְקְס־צַייטוּנג נָאר אוֹיף דְרַייפִיעֶרְטֶעל יָאהר אוּנ בֶּעטֶען אִין דֶער צַייט אַרַיינְשִׁיקֶען דֶעם אַבָּאנאָמֶענְטְס־פְּרַייז אוֹיף דֶעם לֶעצְטֶען פִיעֶרְטֶעל יָאהר 1 רוּבֶּל.

אוֹיךְ דֶערְמַאנֶען מִיר דִי יֶעהרְלִיכֶע אַבָּאנֶענְטֶען, וואס הָאבֶּען אוֹיסְגֶעשְׁרִיבֶּען דִי צַייטוּנג צוּזַאמֶען מִיט דֶער פְּרֶעמִיֶע, 4 בֶּענְדֶער פוּן אַלֶע שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם'ס ווערק אוֹיף רַאטֶען, דַארְפֶען אִיצְטֶער צוּשִׁיקֶען

## דִי לֶעצְטֶע רַאטֶע 1 רוּבְּל.

דִי נִיט יֶעהרְלִיכֶע אַבָּאנֶענְטֶען בֶּעצָאהלֶען פַאר דֶער פְּרֶעמִיֶע „4 בֶּענְדֶער פוּן שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם'ס ווערק" 2 רוּבֶּל, אָדֶער 50 קָאפּ' פַאר יֶעדֶען בַּאנְד מִיט פָּארְטָא.

מִיר בֶּעטֶען דִי יֶעהרְלִיכֶע אוּנ נִיט יֶעהרְלִיכֶע אַבָּאנֶענְטֶען אַרַיינְצוּשִׁיקֶען דֶעם וַוייטֶערְדִיגֶען אַבָּאנֶעמֶענְטְס־פְּרַייז נִיט שְׁפֶּעטֶער פוּן 1־טֶען אָקְטָאבֶּער, כְּדֵי מִיר זָאלֶען קֶענֶען פִּינְקְטְלִיךְ שִׁיקֶען דִי וַוייטֶערְדִיגֶע נוּמֶערֶען.

## דִי אַדְמִינִיסְטְרַאצִיֶע.

אַנְמֶערְקוּנג: 1) מיר בעטען די אבאנענטען, אז ביים ארײנשיקען דאס געלד זאלען זיי מודיע זיין יעדער זיין נומער פון באנדעראל. 2) די „פרעמיע" אהן דער צייטונג פערקויפט זיך ניט.

Nr. 38. Jüdische Volks-Zeitung צווייטער יאהרגאנג.

יודישע
# פאלקס־צייטונג.
א וואכען־בלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.

אבאנאמענטס־פרייז:
עסטרייך־אונגארן: יעהרליך 10 קראנען,
האלב־יעהרליך . . . . . 5 „
פיערטעל־יעהרליך . . . 2.50 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק.
האלביעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעליעהרליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.
ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.

אבאנאמענטס־פרייז פאר רוסלאנד:
יעהרליך 4 רובל, האלב־יעהרליך 2 רובל פיערטעל־יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 5 רובל; האלב־יעהרליך 3 רובל, פיערטעל־יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר' אויסצאהלען אין ראטען: ביים אויסשרייבען 2 רובל, דעם 1־טען אפריל 1 רובל, 1־טען יולי 1 רובל און דעם 1־טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 20 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנצייגען):
פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 30 קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.

די אדרעסע פאר עסטרייך־אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung"
Krakau, Sebastyangasse 32.

די אדרעסע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушія" Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ":
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.

16 September 1903. Nr. 38. כ"ד אלול תרס"ג.

## צום נייעם יאהר

נו, גיכער שוין, בינד שוין דיין פעקל,
גרייט זיך, תרס"ג, גרייט זיך צו;
נא דיר א פוהר מיט א גלעקל,
און לאז אונז שוין ברודער צו רוה!

ווילסט זאגען וואס פאר'ן געזעגנען —
צו וואס? מיר געדענקען דיך גוט!...
און וועסטו תרס"ד'ן בעגעגנען —
נעם לינקס: ניט פארשפריץ איהם מיט בלוט!...

א. רייזען.

## א יאהר פון טרערען.

א יאהר פון צרות און שרעק, א יאהר פון טרערען, א סך טרערען, יודישע טרערען האבען זיך געגאסען אין דובאסאר און נאך מעהר האבען זיי זיך געגאסען היינטיגעס יאהר אין קישינוב, און נייט, גאנץ וויט האט זיך געהערט דאס געוויין פון די אומגליקליכע בעסאראבער יודען און אלע הערצער פון די יודען, וועלכע זענען צעזייעט און צעשפרייט איבער דער גאנצער וועלט, האבען אויף זיי קוקענדיג גע־וויינט מיט גרויס שרעק, ברעכענדיג די הענט און פרעגענדיג זיך: וואס קאן מיט אונז יודען ווייטער זיין?

און פון ערגעץ זעהט זיך ניט קיין ליכטיגער שטראל און הערט זיך ניט קיין גוט ווארט. אויף דעם ארט פון טרייסט, פון מיטפיהלונג, זאמלען זיך אין פארשידענע לענדער אלערליי קאמיסיעס, און בע־ראטען ווי אזוי מען זאל איידלער, פיינער און לייטישער פארמאכען די טויערען פון די לענדער פאר יודען.

פאר דעם קליינעם יודישען פאלק פון עטליכע מיליאן מענשען איז ניט דא קיין ארט אויף דער גרויסער וועלט, וואו עס וואהנען טויזענטער מיליאנען מענשען.

און דאס שוואכע קליינע יודישע פאלק האט זיך גענומען צו זיין אלטען שטייגער, צו וויינען.

וויינען אויף די הרוגים אין קישינוב, וויינען ווען מען האט מקבר געוועזען די צעריסענע ספרי תורות, וויינען וואס מען איז גאר גע־בארען געווארען אויף דער וועלט.

וואס טוט מען איצטער מיט זיך און מיט אונזערע קינדער?

און עס האט אויסגעוויזען, אז עס איז שוין קיין האפנונג ניט דא פאר יודען, אז דער יוד דארף זיין נידריגער ווי גראז און זיך לא־זען וואָרפען, וואו דאס ביטערע יודישע מזל וועט איהם פארטראגען.

און אט אין אזא ביטער יאהר, א יאהר פון טרערען, איז פאר־געקומען דער זעקסטער ציוניסטישער קאנגרעס, וואו עס זענען זיך צוזאמענגעקומען די אויסגעקליבענע פון דעם יודישען פאלק אין דער גאנצער וועלט.

און מיט קלאפענדיגע הערצער האט דאס פאלק געווארט אויף דעם קאנגרעס, פון וועלכען זיי זענען שוין געוואהנט צו הערען, אז זייערע טויזענט יאהריגע האפענונג, זיך אומצוקעהרען אין זייער לאנד, איז גאר נאהנט.

נאר אנשטאט זייער לאנד האבען די אויסגעקליבענע פון יו־

דישען פאלק מיט גרויס שרעק דערהערט, אז מען לעגט זיי פאר א פרעמד לאנד און די אויסגעקליבענע פון יודישען פאלק האבען ניט אויסגעהאלטען, זיי האבען געוויינט און פון זייערע אויגען האבען זיך געגאסען טרערען.

דאס זענען געוועזען טרערען פון יודישען פאלק. — דאס גאנצע יודישע פאלק האט געוויינט.

דאס זענען ניט געוועזען קיין פרישע טרערען פון היינטיג יאהריגע צרות. נאר דאס זענען געוועזען אלטע, אלטע יודישע טרערען. טויזענטער יאהרען האבען זיך יודען געוואָרגען מיט די טרערען פון די פיעל צרות, וואס זיי האבען אין פארשידענע צייטען, אין אלערליי גלות'ן איבערגעליטען. טויזענטער יאהרען זענען די טרערען געשטאנען אין די יודישע אויגען האפענדיג, גלויבענדיג, אז סוף כל סוף וועלען זיי צוריקקומען אין זייער לאנד און די האפענונג האט דאס יודישע פאלק געשטארקט, און דא אויף דעם ציוניסטישען קאנגרעס דערהערענדיג פלוצים ווי מען רעדט גאר פון א פרעמד לאנד, האט דאס יודישע פאלק ניט אויסגעהאלטען און די טרערען, וואס האבען זיך אנגעקלויבען אין טויזענטער גלות'דיגע יאהרען, האבען זיך איצטער מיט אמאל אויסגעגאסען...

דאס יודישע פאלק האט איצטיגעס מאל מעהר ניט געקאנט איינהאלטען אין זיך די טרערען.

דער וועהטוג האט צו שטארק אנגעהאפט דאס יודישע הארץ, די טרערען האבען געוואָרגען נאר אויף צו דערשטיקען און זיי האבען זיך מיט אמאל אויסגעגאסען...

נאך די דאזיגע טרערען איז ווי נאך א וואלקען, ווי נאך א שטורם, ליכטיגער געווארען אויף דעם יודישען הימעל, בעטראכטענדיג, אז דעם אומגליקליכען שוואך קליין פאלק, וואס אלע פעלקער ווארפען זיך מיט איהם איינס צום אנדערען ווי מיט א שפיעליכען אבי פון איהם פטור צו ווערען, לעגט מען פאר א לאנד, וואו יודען זאלען זיך זיין אליין בעלי הבתים, און ווער לעגט זיי פאר? אזא שטארקע און געבילדעטע רעגירונג ווי ענגלאנד.

זאגט וואס איהר ווילט, אזא פארשלאג פון איין אייראפּייאישע שטארקע רעגירונג, קאן אונז געבען גרויסע האפענונג, אז מיר וועלען ענדליך אנהויבען פיהרען א לעבען גלייך מיט אלע פעלקער.

פארשטעהט זיך, אז קיין שום שטיק אפריקא, אפילו ניט קיין שטיק אייראפא, ווען מען זאל אונז אוועקגעבען, קאן אין די יודישע הערצער אויסרייסען די ליבע און האפענונג צו זייער לאנד ארץ ישראל. דאס לאנד פון אונזערע אבות אבותינו איז צו טיף און צו שטארק איינגעוואָרצעלט אין די יודישע הערצער. און אומעטום וואו יודען וועלען זיך בעזעצען, וועלען זיי קיינמאל ניט אויפהערען האפען אויף ציון און תמיד וועט דאס יודישע פאלק זיך ווינשען איינס דאס אנדערע "לשנה הבאה בירושלים".

נאר איצטער, איבערגעהענדיג אין א ניי יאהר און זיך אפגעבענדיג חשבון, אז מיר האבען גאר ניט, מיר פארמאגען גאר ניט, מיר זענען יעדען איבריג אויף דער וועלט, אלע לענדער זענען פארמאכט פאר אונז און אז אט אין אזא אומגליקליכער צייט אהן שום אויסגאנג, לעגט מען אונז פאר א לאנד אונטער דער מאכט פון א שטארקע געבילדעטע אייראפּייאישע רעגירונג, וואו מיר וועלען קענען פיהרען א פרייע לעבען און זיין די בעלי־הבתים פון לאנד. ווען מען גיט זיך אב פון דעם אלעמען חשבון, קאן דאס יודישע פאלק פון היינטיגען ראש השנה אן שטארק האפען אויף בעסערע צייטען אין זיין פינסטער לעבען.

פארשטעהט זיך, אז מען קאן נאך דערווייל ניט וויסען צי דאס לאנד אין אפריקא, וואס ענגלאנד לעגט אונז פאר, וועט זיין גוט פאר אונז, נאר דאס איז שוין קיין חלוק ניט, צי וועלען מיר איצטער אדער שפעטער האבען א לאנד, נאר די הויפטזאך, דאס גאנצע גרויסקייט פאר אונז פון ענגלאנדס פארשלאג איז דאס, וואס די פעלקער, צווישען וועלכע יודען זענען פארשפרייט, וועלען סוף כל סוף מוזען

# פעליעטאָן.

## כפּרות.

(א מעשה פאר דערוואקסענע קינדער.)

---

### א.

דעם ערשטען טאג ראש השנה, געגאנגען צו תשליך, האט מען געקאנט באמערקען א מחנה עופות, היהנער, העהנער, אלטע קוואקעס און יונגע היהנדלעך לויפען הענדום־פענדום אויסגעצויגען די קעפּלעך, קאטשען זיך אהער און אהין, מאכען פולקעס, הויבען פיסלעך, שפרינגען אונטער עפּיס מיט א מין אומפּעט, און אלץ אהין, אהין, ווייט אינטערען שטאדט ארויס.

קיינעם איז ניט איינגעפאלען אפשטעלען זיך נאכקוקען, וואוהין לויפען דאס די דאזיגע נארישע עופות?

ערשט שפּעטער, שפּעטער, אין די עשרת ימי תשובה אריין, האט מען אנגעהויבען זיך ארומקוקען, אז די שטייגען זענען אפען און וואו ס'איז געוועזען ערגעץ איין עוף איז דאס ארויסגעפלויגען און נישטא!

— האט איהר געהערט? — קלאגט זיך א בעל־הבית'טע פאר דער שכנה מיט א וויינענדיג קול און ברעכט די הענט — עמיצער האט אויפגעעפענט ביי מיר היינטיגע נאכט די שטייג און ארויסגעלאזט אלע עופות.

— שאט, וויינט ניט, ביי מיר אויך דאס איינענע — טרייסט זי די שכנה — איהר זאלט זאגען איין עוף זאל מען מיר איבערלאזען!

— וואס וועלען מיר טון? ווינד איז מיר! עס געהט אזא צייט, מע בעדארף שלאגען כפּרות, וועה איז מיר!

— מילא וועה היינט, וועה מארגען, עס העלפט נישט קיין וועהען, מע בעדארף געהן אין מארק אריין קויפען פרישע עופות אויף כפּרות, ס'איז עפּיס א תירוץ?

— קומט, קומט, לאמיר געהן אינאיינעם.

און עטליכע ווייבער האבען זיך צונויפגענומען אלע אינאיינעם און מע איז אוועק אין מארק נאך כפּרות.

א מארק איז געוועזען דווקא א גרויסער. א יריד, ניט קיין מארק. דארט האבען זיי געטראפען. אלערליי פון וואס א מויל קאן זאגען: פיש און פלייש און ציבעלעס און חריין און שווארצע רעטעכער און מייערען און פאסטערנאק, און וואס אייער הארץ גלוסט, נאר עופות נישט א לעק! גענז זענען געווען, קאטשקעס, אינדיקעס, — און נישט איין עוף, איהר זאלט זאגען אויף א רפואה! די ווייבער זענען ארומגעגאנגען מיט

קומען צו דעם בעשלוס, אז ניט מיט יאגען און פלאגען קענען זיי זיך בעפרייען פון דעם יודישען פאלק, נאר מען מוז זיי אויך אבטיילען און אוועקגעבען א שטיק לאנד, וואו יודען זאלען זיין אליין בעלי־בתים און אויפהערען זיין פרעמדע ביי יעדען.

פון היינטיגען ניי־יאהר אן קענען מיר האפען, אז עס וועט אזא צייט קומען און דאס וועט אונז געבען שטארקייט ווייטער צו וועלען לעבען און ארבייטען און ניט נאר וויינען און פארגיסען טרערען, וועלכע קענען פארגרינגערען שווערע פארביטערטע הערצער אין די שוהלען און אין די בתי מדרשים ביים דאווענען, אבער זיי קענען ניט העלפען אין לעבען פון היינטיגע צייטען, ווען אלע פעלקער, אפילו די קלענסטע, שטרעבען נאר א סך צו ארבייטען און שטארק צו זיין.

מיר דערמאהנען זיך איצטער אן די ווערטער פון דעם גרעסטען ציוניסט ד"ר פינסקער, וואס האט געשריבען אין א פריוואט־בריף, וועלכען מען האט נאך זיין טויט פארעפענטליכט אין "וואסחאד".

איינער האט איהם געפרעגט אין א בריף, ער זאל זאגען זיין מיינונג, צי חבת ציון קאן ברענגען דערצו, אז די לאגע פון יודישען פאלק זאל פארבעסערט ווערען. "דאס יודישע פאלק איז געקומען צו אזא מדרגה, האט דערויף געענטפערט ד"ר פינסקער, אז עס האט ניט וואס איינצושטעלען און ניט וואס אנצווווערען, פאר וואס זשע זאל מען ניט ארבייטען אין דעם ציוניזם, דורך וועלכעז דאס יודישע פאלק גלויבט, אז עס וועט געהאלפען ווערען?"

א פאלק, וואס געפינט זיך אין אזא צושטאנד, וואס האט ניט וואס איינצושטעלען און אנצווווערען, דארף זיך שעצען איבערגליקליך פון דעם וואס די ענגלישע רעגירונג לעגט איהם פאר.

דאס יודישע פאלק איז דאס אומגליקליכסטע אין דער וועלט, נאר זיין מזל איז שטענדיג גרויס. דערפאר האט עס איבערגעלעבט א סך אלטע פעלקער און האט נאך די בעסטע האפנונג אין דער צוקונפט צו פיהרען א פריי, געזונט לעבען מיט גליקליכע יאהרען.

און אין וועלכען לאנד, אין וועלכען טייל וועלט דאס יודישע פאלק וועט זיך געפינען, וועלען זיך יעדען ניי־יאהר אונזערע ברידער איינס דאס אנדערע ווינשעווען, אזוי ווי אין די פארגאנגענע טויזענטער יאהרען, "לשנה הבאה בירושלים!"

מ. ס.

---

# ראש השנה.

נאך א יאהר האבען מיר אבגעשטופט, אבער קוים אבגעשטופט.

ביי אלע פעלקער לויפען די יאהרען ווי די טעג; אבער ביי אונז ציהען זיך די טעג ווי יאהרען. ביי אונז א יאהר איז א גאנצע אייביגקייט.

ווארום וואו עס איז דא א נארמאלישער לעבען — דארטען איז דא בעוועגונג; און וואו עס איז דא בעוועגונג געהט עס פלינק, גיך; אבער וואו עס איז טויד'ט — איז קוים וואס עס שלעפט זיך.

און עס ציהט זיך אזוי לאנגזאם דאס יאהר תרס"ג, אז אונז דוכט זיך, אז מיר האבען אין איהם איבערגעלעבט מי יודע וויפיעל יאהרען; און נישט גוט איז אונז געווען אין דעם יאהר, און אזא צרה האבען מיר אין איהם איבערגעלעבט, אז עס ווילט זיך אונז גלויבען, אז ניט פינף חדשים זענען אוועק געגאנגען פון דעמאלט אן, נאר צום ווייניגסטען פינף הונדערט יאהר. עס ווילט זיך גלויבען, ווייל עס ווילט זיך ניט פארלירען די האפנונג אין פראגרעס, אין גערעכטיגקייט, אין מענשליכקייט.

אלע יאהר, ווען מיר מאכען א סך־הכל פון דעם וואס איז פארגעקומען אין דער יודישער וועלט אין דעם אוועקגעגאנגענעם יאהר — שטעלען מיר אויס א גאנצען צעטל — ווי געוועהנליך — פון צרות: א גירושל'ל דא, א בלוט־בלבול דארטען, איין עקאנאמישער קריזיס אין איין מדינה און א שלעכטער מאראלישער מצב אין איין אנדער מדינה. היינטיגס יאהר פארשפארען מיר עס צו טון. מיר האבען

---

ארויסגעשטעלטע צונגען, אפגעשטעלט אלע מאל איין אנדער גוי מיט איין אנדער גויע:

— טשויעש, טשויעש, מאושע מאיעש קאורקע? [1]

— מאושע קאופיש האוסקאי, מאושע אינדיוקא? [2]

— וואס זאגסט דו אויף זיין פנים? איך פרעג איהם היהנער, שטיפט ער מיר גענז, גיט ער מיר אינדיקעס! נאם נע טרעבא אינ־דיוקיוו, נאם קאורקע טרעבא, נא כפרות! [3]

— קאורקיוו נעמא, נעמא קאורקיוו! [4]

— וואס הייסט נעמא, א דעזש וואני? [5]

— טיו טיו, אידי שאוקיי! [6]

— נעחיי טשארט טוואיי מאמע! [7]

— נעחיי וושע טוואיי! [8]

---

[1] הער נאר, הער נאר, אפשר האסט דו היהנער?

[2] אפשר קויפסט איהר גענז? אפשר אינדיקעס?

[3] מיר דארפען נישט קיין אינדיקעס, מיר דארפען היהנער, אויף כפרות!

[4] קיין היהנער איז נישטא, נישטא קיין היהנער!

[5] וואס הייסט נישטא, וואו זענען זיי?

[6] אנטלאפען, געה זוך זיי!

[7] חאפט דער רוח די מאמע דיינע!

[8] לאז שוין זיין דיינע!

אזוי האבען זיך אויסגעטענ'עט אונזערע בעלהבית'טעס מיט די גוים און מיט די גויעס און מע איז אוועק אהיים ליידיג, אהן עופות.

ב.

אין דארט, אינטערען שטאדט, האט זיך געטאן חושך; דאס גאנצע פעלד איז פול מיט עופות, היהנער, העהנער, אלטע קוואקעס און קליינע היהנדלעך. דאס קרייען פון די העהנער, דאס קוואקען פון די היהנער און דאס פישטשען פון די קליינע היהנדלעך איז אזוי גרויס אז מע קאן טויב ווערען, אלע שטיפען זיך און קוועטשען זיך, פיקען איינס דאס אנדערע אין די קעפלעך און גאגאטשען אלע אינאיינעם. אויף דער ערד וואלגערען זיך צעטראטענע אייער און אויך קליינע היהנדלעך קראנקע, אפגעפליקטע און אויך טויטע מיט פארגלאנצטע אייגלעך און מיט פארריסענע פיסלעך. מע קוקט ניט אויף די צעטראטענע אייער, ניט אויף די טויטע היהנדלעך, מע שטופט זיך אלץ אהין ארויף אויבען אן, דארט ליגט איין אלטער אויסגעהאקטער בוים און אויף דעם דאזיגען אלטען אויסגעהאקטען בוים פליהט אלע מאל ארויף איין אנדער האהן, טוט א פאטש מיט די פליגעל און הויבט אן קרייען:

— קוקאריקו, רבותי, הערט צו וואס איך וועל אייך זאגען: יעדער יאהר, אז עס קומט אין דער צייט ווערען עטליכע מיליאן פון אונזערע ברידער און שוועסטער אויסגעקוילעט אין איין נאכט! ביז וואנען וועלען מיר שווייגען?

געהאט אזא גרויסען אומגליק, וואס אנטקעגען איהם זענען שוין אלע צופעלע א גאר נישט, דאס וועגט אראב אלץ.

קישינוב — איין ווארט — אונ גענוג! דאס האבען מיר איבערגעלעבט!

אונ מיר האבען איבערגעלעבט — אונ גאר נישט. בשעת מעשה האט זיך אונז געדאכט, אז אט אט פאלט אראב דער הימעל אויף דער ערד, אט אט קומט שוין א סוף. אבער דאס יודישע פאלק טראגט אלץ אריבער — מען האט געקליבען געלד פאר די פארומגליקטע אונ — שא, שטיל.

אונ וואס ווייטער?

די רבנים האבען אויף זייער אימשטיינס געזאגט קאנגרעס (אלץ אין דעם יאהר!) גערעכענט מיט א שבועה צו העלפען דעם אומגליק, צום ווייניגסטען ער זאל זיך ניט אומקערען. די אנטיסעמיטען האבען זיך אויסגעלאכט אין די הויפענס פון די רבנים אונ פון זייער שבועה.

די עמיגראציע האט זיך געשטארקט אונ אונזערע מערב־אייראפייאישע בעלי־צדקה האבען אנגעזאגט די אומגליקליכע מיט'ן הארבען ווארט, אז זיי זאלען זיך ניט ריהרען פון ארט. אונ די עמיגראנטען, פארשטעהט זיך, פאלגען ניט די בעלי־טובות אונ נעמען דעם וואנדער־שטעקען אין האנט אונ פאהרען... אבער וואוהין?

אין ענגלאנד זיצט שוין א קאמיסיע וועגען די איינוואנדערונג פון מזרח־אייראפא אונ ווי עס ווייזט אויס וועט מען באלד שוין פארמאכען די טויערען. אין אמעריקא מומעלט מען שוין אויף מכח א קאמיסיע. אין טראנסוואל איז זעהר שווער אריינצוקומען זינט די בורען מיט זייער תהלים'ל האבען פארשפילט די מלחמה ביי די נאך פרומערע ענגלענדער. וואוהין זשע זאלען זיי געהן?

אונ דאס יאהר האט ניט ווילענדיג ארויסגערופען נאך א פראגע: ווער זאל אונ דארף זארגען פאר די עמיגראציע?

יק"א! צו דער רייכער מומען שיקט מען אונז געוועהנליך גלייך אב. יק"א האט די מטבע, יק"א קאן גרינדען עמיגראציאנס־ביורא'ס, יק"א קאן געבען געלד אויף צו פאהרען. — אבער יק"א ערשטענס וויל זי ניט, אונ צווייטענס קאן זי דאך ניט געבען די אויסוואנדערער דאס וואס זיי פעהלט. דער עמיגראנט אנטלויפט פון די צרות, דער עמיגראנט אנטלויפט פון גלות, וואס איז איהם דער אונטערשיד, ווען דעם זעלבען שימפ־ווארט גאר אין ענגליש הערט ער אין אמע־ריקא? וואס איז איהם דער אונטערשיד, ווען פון איין גלות אנטלויפט ער אונ צו א נייעם גלות קומט ער?

גלויבען זאלט איהר, אז דער יוד לויפט ניט נאר זוכען ברויט, נאר אויך פרייהייט; אונ ביטער איז איהם דאס שטיקעל ברויט, ווען אפילו ער קריגט עס, ווען עס שמעקט פון איהם מיט שווייס פון קנעכטשאפט. ביטער איז איהם דאס לעבען, ווען ער געפינט זיך אונטער'ן איינדרוק פון א פרעמדע געזעץ־געבונג, וועלכע דארף איהם בעשיצען פון רחמנות וועגען. זעלבסטשטענדיגקייט אונ ברויט דארף דער יוד.

אונזער בעוועגונג איז די איינציגע, וואס האט פאר זיך דעם ציעל, צו געבען די נידערשלאגענע דאס וואס זיי פעהלט: א היים אין דעם זעלבען לאנד, וואו זיי האבען אמאל געלעבט גליקליך, אין דעם לאנד פון אונזער פארגאנגענהייט אונ אונזער צוקונפט.

דער זעקסטער קאנגרעס אבער האט זיך אויך צונויפגעקליבען אין דעם זעלבען יאהר, ווען די נויט איז געווארען צו שטארק אונ דער אומגליק צו גרויס. דער ציוניזם — האבען מיר געזעהן — איז דערווייל געווארען א שטארקע וועלט־בעוועגונג, מיט וועלכע די גרעסטע רעגירונגען רעכנען זיך ווי מיט א בעוועגונג, וואס קאן פאר־ענטפערען די יודענפראגע.

האט געקאנט דער ציוניסטישער קאנגרעס, וועלכער זארגט פאר'ן יודישען פאלק, בלייבען גלייכגילטיג צו דער איצטיגער לאגע? האט געקאנט דער ציוניסטישער קאנגרעס אבשטויסען מיט ביידע הענט א פארשלאג, וואס זיין גלייכען איז כמעט ניט געוועזען אין דער

— קאקאקא! אויסגעקוילעט אליין איז בלאטע! דערויף זענען מיר עופות, מע זאל אונז קוילען! דאס אויסבונדען אונז אונ דאס דרע־הען אונז, אונ דאס שלאגען מיט אונז כפרות!

— קוקאריקו! שלאגען כפרות, וואס קאן נאך זיין נידעריגער דערפון? בארעכענט אייך נאר וואס פאר א בזיון!

— קאקאקא! וואס זאלען מיר טון, אז ס'איז ביי זיי פארהאן אזא דין, צי א מנהג, אז איטליכער בעדארף האבען א כפרה, אפילו ווייבער וואס זענען פטור ביי זיי פון אלע מצות זענען נישט פטור פון כפרות.

— ציף—ציף—ציף! אפילו קינדער, אפילו איין נפל'ע, וואס ליגט נאך ביי דער מאמע אין בויך בעדארף אויך האבען א כפרה!

— קוקאריקו! א כפרה? וואו שטעהט דאס, אז מיר דארפען זיין פאר זיי א כפרה? לאזען זיי זיין פאר אונז א כפרה!

— קאקאקא! איך, נארישע הוהן, פרעג אייך איין אנדער קשיא: אפשר זענען זיי גערעכט, ס'איז ביי זיי איין אלטער מנהג, אונ א מנהג, ברעכט א דין, האפט זיי דער וואכענמאכער, לאזען זיי שלאגען כפרות, נאר וואס איז עפיס געפאלען דער גורל דווקא אויף אונז עופות? קארג גענז פארהאן אויף דער וועלט?

— אפשר דערפאר ווייל גענז פליהען?

— א משל! נו, אונ קאטשקעס?

— קאטשקעס שווימען.

— חכם בלילה! נו אונ אינדיקעס? וואס וועסט דו זאגען אויף אינדיקעס? ניט זיי פליהען, ניט זיי שווימען.

— בהמה! ווי אזוי וועט מען אויפהויבען איין אינדיק אונ דרע־הען איבערן קאפ דריי מאל אונ זאגען דעם פסוק: זה כפרתי, זה חליפתי, זה תמורתי?...

— קוקאריקו! איהר זענט אלע גראבע יונגען, איהר קרייעט אונ ווייסט ניט וואס איהר קרייעט, איהר קוואקעט אונ ווייסט ניט וואס איהר קוואקעט, סע שטעהט בפירוש געשריבען ביי זיי אין סדור: זה התרנגול ילך למיתה — דער ראזינער האהן, אדער זאת התרנגולת — די ראזינע הוהן זאל געהן צו אלדע שווארצע יאהר!

— קא—קא—קא! לאזען זיי אליין געהן צו אלדע שווארצע יאהר!

— קוקאריקו! שטיל זאל זיין! דרך ארץ! אז מאנסבילען רעדען טארען זיך ווייבער ניט אריינמישען!... בכן ליבע ברידער אונ טייערע שוועסטער איז געבליבען ביי אונז מיר זאלען זיך צונויפזאמלען אט דא אלע אונ אפמאכען איין מאל פאר אלע מאל: וואס איהר ווילט טוט מיט אונז, קיין כפרות וועלען מיר ביי אייך ניט זיין, אוים עופות! אוים כפרות!

— קאקאקא! אויס עופות; אויס כפרות!

— קוקאריקו! געטרייהע ברידער אונ ליבע שוועסטער, צי זענט

יודישער גלות-געשיכטע, א פארשלאג, וואס קאן פארענפערען איינע פון די ברענענדע פראגען: די עמיגראציאנס-פראגע, אויף דערווייל, ביז אונז וועט געלינגען צו בעקומען ארץ-ישראל?

האט געקאנט דער קאנגרעס פארקלענערען דעם ווערט, וועלכע די רעגירונגען געבען איהם און בלייבען נאר א ציוניסטישער קאנגרעס, ניט קיין יודישער? האט געקאנט דער ציוניסטישער קאנגרעס זארגען נאר פאר די עטליכע צעהנדליגג טויזענט ציוניסטען און לאזען די הונדערטער טויזענטער יודען, וואס זענען גרייט צו פאהרען וואו עס איז, אהן הילף אהן שטיצע?

האט געקאנט דער ציוניסטישער קאנגרעס ניט אננעמען דעם מענשען-פריינדליכען פארשלאג פון דער ענגלישער רעגירונג: צו געבען יודען אין אסט-אפריקא א שטיק לאנד מיט א זעלבסטהערשונג, מיט אנדערע ווערטער געזאגט: א פרייע מדינה, וואו די יודישע עמיגראנטען זאלען קאנען געפינען אי ברויט, אי פרייהייט?

געוויס ניט!

געהן אין אמעריקא און אפריקא אהן אויטאנאמיע, געהן אין אמעריקא, וואו די ענגלישע קולטור פארשלינגט ביסלעכווייז די יודישע אייגענע קולטור, זיין פארנאנדער געווארפען און בלאנדזשען אהן א וועג אין אלע עקען וועלט, נאכגעהן אהן א סיסטעם נאך יק"א און אנדערע בעלי-טובות — דאס איז גוט? און אויסוואנדער'ן אין א פרייע יודישע מדינה, וואו דאס פאלק וועט קאנען זעלבשטענדיג ענטוויקלען זיין קולטור און צוגרייטען זיך צו א פאליטישען לעבען — דאס טויג דען ניט?

א טייל פון די רוסישע ציוניסטען טענה'ן, אז מיר וועלען שוין האבען א מדינה וועלען מיר שוין אין ארץ-ישראל נישט וועלען געהן.

ניין! אין אפריקא וועלען געהן די, וואס דארפען סיי וסיי אויסוואנדערען, די, וועלכע וועלען ארויסגעשפיגען פון דעם ים צרות אין די גלות-לענדער; אבער דאס גאנצע יודישע פאלק, וועט ווי שטענדיג אזוי אויך ווייטער שטרעבען מיט דעם גאנצען הארצען צו פאלעסטינא.

אלץ איינס וועלען ניט אלע יודען קאנען זיין אין פאלעסטינא. אויך אין די צייטען פון בית שני האבען א סך יודען געוואהנט אין בבל, אין מצרים און אין די אייראפייאישע לענדער, און ארץ-ישראל איז פאר זיי געוועזען א גייסטליכער צענטרום, צו וועלכען זיי האבען שטענדיג געשטרעבט. און די זעלבע זאך וועט איצטער אויך זיין.

די ציוניסטען וועלען זיך בלייבען שטעהן אויף זייער פלאץ, דער נאציאנאל-פאנד וועט ביסלעכווייז אויפקויפען ערד אין ארץ-ישראל, יודישע קאלאניסטען וועלען זיך צו ביסלעך בעזעצען דארטען, אונזערע פיהרער וועלען ניט אויפהערען צו געהן מיט דעם וועג, וואס וועט אונז פיהרען אין אונזער לאנד; און דערווייל וועלען מיר העלפען בעזארגען פאר די עמיגראנטען אהיים אין אפריקא, און אויב עס וועט ניט געלינגען דארטען, איז אין איין אנדער ארט. און די צווייטע ארבייט וועט געטאן ווערען אונטער'ן פליגעל פון דעם ציוניסטישען קאנגרעס.

צו אזא הויכע מדרגה, צו אזא גראד איז נאך קיין קאנגרעס, ווי דער זעקסטער, נישט צוגעקומען. און דורך דעם האט ער פארזיסט די ביטערע פילען, וואס מיר האבען דאס יאהר איינגענומען און האט געמאכט דעם ערשטען שריט צו א גרויסער ארבייט, וואס קאן העלפען א גרויסען טייל פון אונזערע ברידער.

מיט דעם האט זיך דער יאהר תרס"ג פארענדיגט.

עס הויבט זיך אן א נייער יאהר תרס"ד און צוזאמען מיט איהם א נייע עפאכע פאר אונז, וועלכע קאן אונז פיהרען צו א בעסער לעבען.

**ש. טש.**

---

# צווישען צייטונגען און זשורנאלען.

ווען אויף אלע אונזערע צייטונגען פון דער פארגאנגענער וואך וואלט שטעהן אנגעשריבען דאס ווארט „בחדר"ג", אזוי אז מיר וואל-

---

איהר בעוואהרענט אין זיך, אז איהר וועט באשטי"הן קענען דעם נסיון? צי וועט איהר זיך ניט לאזען פיהרען אין באר אריין? מע וועט זיכער קומען און פארלענגען אייך פראסע אדער הירזש, און איך קאן דאך אייך, זולל וסובא'ניקעס. אז פאר א ביסל פראסע און א הירזשעלי וועט איהר אוועקגעבען דריי שאק אייער.

— קא-קא-קא! חס ושלום! מע זאל אונז געבען נאלד!

— קוקאריקו! געדענקט זשע, איהר זאלט זיך האלטען יד אחת! און טאמער וועט מען אייך וועלען חאפען, זאלט איהר זיך ניט לאזען. די אויגען זאלט איהר אויספיקען! איהר זאלט זיך ניט לאזען, איהר הערט! איין עק א סוף! אוים כפרות!

— קאקאקא! אוים כפרות! אוים כפרות!

ג.

און די עשרת ימי תשובה זענען זיך געגאנגען זייער וועג, ניט געשטאנען אויף איין ארט; אט אט, אקאר'שט ווי מע זעהט ניט איז שוין ערב יום כפור און קיין עופות אויף כפרות איז נאך אלץ נישטא, חאטש נעם ציה זיך אוים און שטארב!

פלוצים איז געווארען א רעש, א טומעל, א גערודער, די גאנצע שטאדט האט זיך געווינגט.

— איהר האט שוין געהערט פונ'ם נייעם?

— יא וואס זאגט איהר דערויף? אלע עופות זענען אינטערען שטאדט?

— אזא מעשה טרעפט זיך איין מאל אין צעהנטויזענט יאהר!

— וואס טוט מען אצינד?

— וואס זאל מען טון? ליינען אויף זיי כבוד? מע דארף זיי געהן חאפען, חאפען און פארווארפען צוריק אין שטייג אריין.

און ווייבער האבען גענומען מיט זיך ווער א ביסל פראסע און ווער א ביסל הירזש, ווער א זיפ און ווער א זאק, און מע האט זיך געלאזט אינטערען שטאדט ארויס, צו פארנארען און חאפען די עופות און פארווארפען זיי צוריק אין שטייג אריין.

— ציפ ציפ ציפ ציפ! — האבען די ווייבער פאוואלינקע זיך צוגערוקט צו די עופות, זיך צוגעזעצט צו דער ערד, און אויסגעשאטען זיי דאס ביסל פראסע מיט'ן ביסל הירזש.

דערזעהען פראסע און הירזש האבען זיך די אויסגעהונגערטע עופית א לאז געטאן צו דעם און אין איין כהרף עין איז דאס ביסל פראסע מיט'ן ביסל הירזש אויסגעפיקט געווארען, נישט געבליבען א קערענדל אפילו, נאר חאפען האבען זיי זיך נישט געלאזט בשום אופן.

א פאר ווייבער איז אפילו יא געראטען צורעקען עטליכע קליינע היהנדלעך מיט א זיפ, האבען זיך די עלטערע קוואקעס מיט די העהנער איינגעשטעלט פאר זיי, ארויפגעפאלען אויף די ווייבער, געשפרונגען

מען גאר נישט טארען אריינקוקען אונ לייענען אין זיי. וואלטען מיר פארט קענען וויסען גאנץ גענוי, וואס עס שטעהט אין יעדען בלאט בעזונדער. אלע צייטונגען, פון אנהויב ביז אין סוף, האבען איין אינהאלט: באזעל; אלע ארטיקלען, אהן איין אויסנאהם, האבען איין טהעמא: באזעל; אלע שרייבער, פון גרויס ביז קליין, האבען איין ווארט: באזעל. מיט באזעל הייבט מען אן אונ מיט באזעל קאנטשעט מען, באזעל פון אויבען אונ באזעל פון אונטען, פון באזעל רעדט דער לייטארטיקעל אונ פון באזעל רעדען די מודעות אפילו. אונ דאס איז גאר קיין וואונדער נישט; די פארגאנגענע וואך איז דאך געווען די קאנגרעס-וואך. איין צייטונג איז זאגאר אזוי ווייט פארקראכען, צו ברענגען פון באזעל א גרויסע טעלעגראמע אונ אויפצושרייבען תיכף ביי דער זייט, אז די טעלעגראמע האט 1464 ווערטער. אויב די דאזיגע ציפרא איז דורכאויס נייטיג פאר די יודישע היסטאריע, ווייס איך נישט. יעדענפאלס מאכט זי דעם איינדרוק, ווי א ליבעס-ערקלערונג מיט א חשבון ביי דער זייט, וויפיעל יעדעס ווארט קאסט. בשעת שרה בערנארד האט געשפיעלט אין לאנדאן אין טעאטער אונ איז נאך דעם שפיעלען ארויס אויפ'ן גאס אונ האט זיך אריינגעזעצט אין איהר וואגען, זענען אונטערגעשפרונגען עטליכע מענשען מיט גרויס התלהבות אונ האבען די פערד אויסגעשפאנט אונ האבען גענומען טראגען זי מיט'ן וואגען צוזאמען. פלוצלינג אבער האבען זיי זיך אפגעשטעלט אונ האבען געוואלט אוועק גהען, אונ אז מען האט זיי געפרעגט, פאר וואס זיי האבען זיך פלוצלינג אפגעשטעלט, האבען זיי געענטפערט, אז פאר דעם געלד, וואס שרה בערנארד'ס מאן האט זיי בעצאהלט פאר'ן טראגען, זענען זיי נישט יוצא פאר זיך אונ פאר'ן ווייב אונ קינדער צו טראגען נאך ווייטער...

מילא פון די מאמרים וועגען דעם גופא קאנגרעס, דאס הייסט וועגען אלע רעדען אונ רעפעראטען אונ דעבאטען אונ אלעס וואס האט זיך אפגעטאן אויפ'ן קאנגרעס זעלבסט, האב איך נישט וואס צו רעדען. די דאזיגע מאמרים זענען איינפאך טרוקענע בעריכטע פון טאטזאכען אונ האבען אומעטום איין פנים; טרוקענע בעריכטע פון טאטזאכען האט אייך שוין געגעבען אונזער "ספעציעלער" קארעספאנדענט. מיין ארבייט אבער וועט זיין, אייך אויפמערקזאם צו מאכען אויף א בעזונדערען סארט פון מאמרים אויס באזעל אונ איבער באזעל, וועלכע רעדען נישט פון די טאטזאכען זעלבסט, נאר בעשעפטיגען זיך מיט חקירות אונ פילאזאפיעס, מליצות אונ פאעזיעס, השתפכות הנפש אונ דבקות, התלהבות אונ התפעלות, אמת'ע התפעלות אדער קעלבערנע התפעלות אדער געמאכטע התפעלות, — בקצור, "בעשרייבונגען" מיט פארדרעהטע אויגען פאר לויטער מתיקות אונ מיט א טויץ קנייטשען אין שטערען פאר לויטער טיפע חקירה אין דער כאראקטעריסטיקא פון דער גאנצער זאך. בשעת הזכרת נשמות איז אמאל גוט זיך אומצוקוקען, נישט אויף דעם וואס מיהט זיך אב אין דער שוהל זעלבסט, נאר אויף דעם וואס די ווייסע חברה ארבייט דערווייל דרויסען אויפ'ן שוהלהויף. אין באזעל זענען דאס מאל צונויף געקומען 150 צייטונגס-שרייבער. מיר האבען א קיימא-לן אז איין צייטונגס-שרייבער קאן אפט מעהר רעדען פון הונדערט יודענעס. עס זענען דא, קיין עין הרע, גאנץ גע-אטענע שטיקלעך, אינטערעסנע ווערטלעך, איבערראשענדע אויסדריקע אונ פארמען, אמאל טאקי זעהר נאאיוו אונ אמאל אבער אביסל צופיעל איבערלעגט.

"שלום אייך, ברידער, פון נאהנט אונ פון ווייט!" — הייבט זיך אן די בעגריסונגס-רעדע פון דער "הצפירה", וועלכע בעגריסט דעם אנהייב פונ'ם קאנגרעס — "שלום פון מזרח אונ מערב, פון צפון אונ דרום, פון אייראפא אונ אמעריקא, פון אזיע אונ אפריקא (אויסטראליע, נעביך, פארגעסען!) פון דער גאנצער וועלט פון אלע לעכער פון אונזער גלות. שלום אונ ברכה אייך, ברידער צום גלות אונ צו צרות אונ פריינד צו האפנונג אונ ארבייט. שלום, שלום פון פאלק וכו', שלום פון אייערע ברידער וכו', שלום אונ געפיהלען פון ליבקייט פון יעדען וואס האט א נישט פערדארבען יודיש הארץ, א נישט פארקרימטען מענשען-מוח, א נישט גענלייווערט לעבעדיג בלוט. שלום, שלום!"

---

גלייך אין פנים אריין, שיער ניט אויסגעפיקט די אויגען: די ווייבער זענען קוים אנטלאפען מיט'ן לעבען.

געקומען אהיים אונ דערציילט פאר די מאנען די דאזיגע מעשה, איז צווישען די מאנסבילען געווארען זעהר א גרויס געלעכטער, מע האט זיך פשוט געקאטשעט פאר געלעכטער, געהאלטען זיך ביי די זייטען.

— שטויות! — האבען זיי געשריגען צו די ווייבער — איהר זענט דאך ערגער פון די עופות כ'לעבען; איהר האט אמאל געהערט אז איין עוף זאל גובר זיין א מענטשען? חא-חא-חא!

— ווייסט איהר וואס? האבען געזאגט די ווייבער — געהט שוין איהר אליין האלט מלחמה מיט די עופות, אז איהר זענט יא אזעלכע בריות!

אונ די מאנסבילען האבען גענומען די שטעקעלעך אונ זענען ארויסגעגאנגען אינטערען שטאדט זעהן וואס טוט זיך דארטען מיט די עופות.

ד.

מאנסבילען זענען פארט מאנסבילען, נישט קיין ווייבער, דערזעהן פון דערווייטענס די מחנה עופות, זענען זיי געפאלען אויף איין אויבערהסכמה אונ האבען זיך פארנגב'עט אינטען ארום פון יענער זייט עופות, אויפגעהויבען די שטעקענס אונ אנגעהויבען זיי טרייבען אהיים:

— קיש-קיש! קיש-קיש! קיש-קיש-קיש-קיש!

דער "קישקיש" האט זיי געהאלפען פונקט ווי דער פאראיאהריגער שניי.

אלע עופות, די העהנער מיט די היהנער, די אלטע קוואקעס מיט די קליינע היהנדלעך האבען זיך א לאז געטאן אלע צו די מאנסבילען, געשפרונגען זיי אין פנים אריין, געפיקט אין די פיאטעס, געריסען די קאפאטעס, געפליקט די בערד. בשעת מעשה געקרייעט אונ געקוואקעט אונ געפישטשעט, פעדערען זענען געפלויגען אין דער לופטען, פונ'ם שטויב איז געווארען פינסטער אויף דער גאס, — איין אמת'ע מלחמה!

אסך עופות זענען אין דער דאזיגער מלחמה געפאלען טויטע, צעטראטען פון זייערע אייגענע ברידער אונ שוועסטער אונ צעשלאגען פון די שטעקענס! עס זענען אבער אויך אסך מענשען געמזיק'ט געווארען, פארוואונדעט, צעבלוטיגט די הענט אונ די פנימ'ער פון דעם פיקען פון די עופות. איינעם האט מען אויסגעפיקט איין אויג, איינעם א שטיק נאז, איינעם האט מען געלעכערט א באק, עס האט זיך ארויסגעזעהן די באקציינער אונ בלוט האט גערונען פון ביידע צדדים, אונ מי יודע וואס עס וואלט געווען דער סוף, ווען די מאנסבילען ווארפען ניט אוועק די שטעקלעך, פארקאטשען ניט די פאלעס אונ לאזען זיך ניט לויפען צוריק אין שטאדט אריין.

שען, אפילו אביסל מליצה, אפילו אביסל מיט אנגסט-שוויים צונויף געשלעפטע ווערטער, אבער פארט שען. נישט אמת?

„הייבט אויף די אויגען, גרויסע ברידער — שרייבט זי ווייטער — און זעהט! וויפיעל הענט ווענען צו אייך אויסגעשפרייט, מאגערע, דארע, ארעמע וכו׳! הייבט אויף די אויגען, ערהאבענע ברידער, און זעהט! וויפיעל הערצער קלאפען און פיהלען דעם היינטיגען טאג! טויזענט הערצער פון ברידער און שוועסטער. טויזענט הערצער פון חברים פול מיט געטליכע געפיהלען, מיט היילינע פונקען, מיט פונקען פון ליבע, מיט פונקען פון האפנונג וכו׳. הייבט אויף די אויגען, ברידער־ארבייטער, און זעהט! וויפיל אויהרען ווענען צו אייך אויסגעשטרעקט וכו׳.“

זעהר שען און פול מיט אינהאלט. נישט אמת?

איחר׳ מיינע לעזער — שרייבט איין אנדערער אין „הצפירה“ נומער 185 — ווייל איהר זעהט מיך דא אין ווארשא שפאצירען אין גאס, מיינט איהר דאך אז איך בין דא, און איהר דרינגט אייך דאפון, אז איך בין אין ווארשא און איהר האט א סימן אן מיין הוט מיט די צוויי שפאלטען אויף מיין קאפ? — דער סימן איז אפילו א סימן מובהק, וואס מען דארף גאר קיין בעסערען נישט וכו׳, אבער איך בין מעיד אויף מיר הימעל אין ערד, אז נאר מיין הוט מיט די צוויי שפאלטען האב איך דא געלאזען, און נאר ער שוועבט דא ארום אין די גאסען, אבער מיין קאפ און מיין הארץ, מיין נשמה און מיין גייסט, גלויבט מיר, זענען שוין זייט עטליכע טעג נישט דא; דארט, דארט, ווייט, ווייט זענען זיי, אין דעם שענעם באזעל וכו׳.

ווער פון אייך, לעזער, וועט האבען צו מיר א געשעפט אין די עטליכע טעג פון קאנגרעס און וועט מיך טרעפען אין גאס, זאל וויסען, אז נישט מיך, נאר מיין הוט האט ער גע־טראפען! נישט מיר וועט ער רייכען די האנט, נאר מיין הוט, וועלכער איז צוגעבונדען צו עפיס א זאך, וועלכע זעהט אויס ווי א גוף מיט א נאז און מיט אויגען; נישט צו מיינע אויהרען וועט ער רעדען, נאר צו דעם אויער פון מיין הוט, וועל־כעס הערט נישט. אויך האט זיך שוין געטראפען מיט מיינעם א באקאנטען, וואס איז געקומען צו מיר און האט געזעהן מיין הוט געהט איהם אנטקעגען, האט ער איהם בעגריסט און האט איהם די האנט געגעבען, און האבען ביידע אנגעהויבען רעדען, דער זאגט אזוי אין דער ענפערט בויבעריק; דער זאגט טאג און דער—נאכט; דער זאגט צוויי אין דער—א סטארין־ליכט. ביז מיין ווייב זאל לעבען איז געקומען און האט איהם געזאגט: צו וואס, מיין הער, מאכט איהר בחנם כליה אייערע ווערטער? ווייסט איהר דען נישט, אז מיין מאן איז שוין לאנג אין באזעל און נאר זיין הוט האט ער דא געלאזען צו זיין שטעל־פערטרעטער?“

אט וואס עס הייסט התפשטות הגשמיות! א הוט, צוויי שפאל־טען, אויגען, נאז א ווייב און א מאמר אין „הצפירה“ אין ווארשא, און קאפ, הארץ, נשמה און גייסט אין דעם שענעם באזעל! און פארט דאכט זיך מיר, אז עס וואלט גלייכער זיין, דאס צו א מאמר־שרייבען זאל מען קאפ און הארץ און אויך גייסט יא ביי זיך האבען, מיר דאכט זיך אלץ נאך אז אזוי שרייבט עס זיך בעסער.

„די דעלעגאטען זענען שוין אוועק געפאהרען קיין באזעל— שרייבט דער לייטארטיקעל־שרייבער פונ׳ם „הזמן“ אין נומער 59—און דאס יודישע פובליקום ווארט אויף דעם זעקסטען קאנגרעס וכו׳. לויט די זאכען און די מעשים פאר׳ן קאנגרעס, קענען מיר זיך פארשטעלען דעם אינהאלט פונ׳ם קומעדיגען קאנגרעס. נייעס קאן מען אונמעגליך בעשאפען יעדען טאג וכו׳. איבער וואדי על גריש וועט מען אויפ׳ן קאנגרעס נאר נישט רעדען וכו׳. נייעס קאן מען אונמעגליך בעשאפען יעדען טאג וכו׳ איז אונמעגליך עפיס צו טון, כדי אויפצוהייבען דעם שטאנד פונ׳ם „פאלק פון בוך“? איז נישט מעגליך, זיך צו בעשעפטיגען מיט די גייסטיגע פראגען פון פאלק ישראל? קאן דער ציוניזם בעשטעהן נאר אויף שקליב און אקציעס? האבען מיר גאר קיין מורא נישט, אז ווען מיר וועלען לאזען דאס פאלק אין זיין גייסטיגען צושטאנד פון יעצט, וועט דער ציוניזם נישט קענען בעשטעהן? דאס פאלק קאן נישט ווארטען, און אז עס וועט זעהן, דאס „נייעס קאן מען אונמעגליך בע־

דערזעהן די צעשלאגענע, צעבלוטיגטע מאנען מיט די צע־פליקטע קאפאטעס זענען די ווייבער געווען מלא גרולה.

— נו? וואס האט איהר געפועל׳ט? ווער האט מנצח געווען? איהר צי „זיי“? פאר וואס לאכט איהר ניט אצינד?

ה.

„אז מע קאן נישט מאכען מיט בייזען מוז מען געהן מיט גוטען“, — אזוי האבען געזאגט די מאנסבילען און מע האט זיך צענויפגעזאמעלט ביים רב אויף איין אספה און ס׳איז געבליבען מע זאל אויסקלויבען עטליכע פיינע בעלי־בתים, שיקען א דעפוטאציע צו די עופות און פרעגען זיי מיט גוטען וואס ווילען זיי? אויסגעקלויבען האט מען געוויינטליך די פיינסטע, די רייכסטע בעלי־בתים מיט׳ן רב מיט׳ן דין און מיט די שוחטים, און מע איז ארויס אינטערען שטאדט שוין אהן שטעקענס, און דער רב האט זיך ארויסגעשטעלט אויף צופריהער און האט אויס־געריפען צו די עופות בזה הלשון:

— שמעו נא רבותים, הערט אויס עופות! זאגט וואס ווילט איהר?

איז געווארען אזא געשריי צווישען די עופות מיט א קרייערייי און מיט א קוואקעריי און מיט א פישטשעריי, אז מע האט נישט גע־הערט א ווארט; רופט זיך אן צו זיי דער רב:

— ווייסט איהר וואס? קלויבט אייך אויס עטליכע עופות א דע־פוטאציע, ווארום פון אייער שרייען וועט קיין גוטס ניט ארויס.

איז געווארען נאך א גרעסער געשריי מיט א גרעסער טומעל, די עופות האבען גענאגאטשעט אלע אינאיינעם, געשפרונגען איינם אקעגען דאס אנדערע, געפיקט זיך אין די קעפלעך, אזוי לאנג אזוי בריוט, ביז עס זענען ארויסגעטראטען א צוויי דריי גאלאגאנסקי העהנער מיט בע־וואקסענע פים און עטליכע שענע חינעווישע היהנער מיט קיילעכיגע הינטענס און מיט פארביגע פליגלען, און א פאר יונגע האהנעכלעך שרייערס מיט נאך גאר יונגע קולכלעך, און צווישען ביידע דעפוטאציעס האט זיך אנגעהויבען אזא מין געשפריך:

— בכן זאגט וואס ווילט איהר, היהנער?

— וואס זאלען מיר וועלען? מיר ווילען ניט זיין פאר אייך די כפרה, מיר וועלען אייך לעגען אייער, מיר וועלען אייך געבען פע־דערען, מיר געבען אייך אוועק אונזער פלייש, נאר קיין כפרות זאלט איהר מיט אונז ניט שלאגען!

— מיר זענען יודען, מיר מוזען דאך אבער שלאגען כפרות.

— וואו שטעהט דאס געשריבען?

— וואו סע שטעהט געשריבען? המ... וואס איז אייער עסק וואו סע שטעהט געשריבען? ס׳איז ביי אונז א מנהג ישן, איין אלטער מנהג

שאפען יעדען טאג", וועט עס אין גאנצען אוועק געהן..."

אט וואס עס הייסט א שארף אויג פון א מענשען, וועלכער קוקט זעהר ווייט! מיט איין קוק באלד ארויס געזעהן, אז דער היינטיגער קאנגרעס וועט קיין נייעס נישט ברענגען, פון וואדי על אריש וועט מען נישט רעדען און די הויפט-זאך וועט זיין די קולטור־פראגע. גאטירליך, אלעס גענוי געטראפען. יעדענפאלס איז אונז נאך געבליבען די קלארהייט פונ'ם דאזיגען מאמר.

„א מאל מאכט זיך — שרייבט איין אנדערער לייטארטיקעל־שרייבער אינם „הזמן" נומער 60 „צום קאנגרעס" — אז די זון שיינט אין מערב און אין דער זעלביגער צייט שפרייט אוים די פינס־טערניש איהרע פליגלען איבער מזרח און אמאל גערט אויף דער מארגענשטערען אין מזרח און וואלקען הילען איין דעם מערב, און א מאל ווערד איין טייל ערד בערעגענט און אויף דעם טייל ביי זיין גרענעץ גערט נישט אראפ דער רעגען און בלייבט טרוקען."

דאס אלעס איז אמת, ווי איך בין א יוד! מיך שטערט נאר אין ערשטען טייל פונ'ם דאזיגען מאמר דאס ווארט „אמאל".

„דער היינטיגער שבת — שרייבט ה' מאיר חארטינער אין „הצפירה" נומער 188 — איז געווען, ווי מען זאגט, א „פרייהליכער שבת", נישט אין דער געשטאלט פונ'ם שבת און די „זמירות", א שבת פון פלייש און פיש, דען ערשטענס האבען מיר פיש גאר נישט געהאט, אויבוואהל באזעל איז א שטאדט, וועלכע זיצט ביי דעם טייך רהיין, און פלייש, יענץ כשר פלייש אין דער שווייץ, וועלכעס איז דא א גרויסער מיוחס, ווייל מען ברענגט עס פון עלזאס, דען די שחיטה איז אין דער שווייץ גע'אסרט, דאס דאזיגע פלייש איז געווען זעהר טייער, אזוי אז אלע וועלכע האבען געגעסען אין כשר'ע רעסטאראנס האבען געליטען הונגער אויך נאך דעם עסען."

נעביך! עס איז א צרה, א יודישע צרה, וועלכע נעמט אן א מענש מיט געפיהל פראסט ביי'ם הארץ! די איינציגע נחמה איז אפשר, אז מיר זעהען, אז ביי יודען זענען פאראנען שרייבער, וועלכע האבען א פנים עסען נישט זעהר פיינד.

און אין נומער 191 פון „הצפירה" שרייבט דערזעלביגער ה' חארטינגער:

„הערצל האט געלייענט פון פאפיר אראפ. די ווערטער האבען זיך געלייענט ווי פון זיך זעלבסט וכו', אבער די ווערטער אין זייער איינענעם ווערט, ווי זענען זיי געווען פול, ווי זענען זיי געווען שווער! די ווערטער, פליהעדיגע אותיות זענען געפאלען פון דער וועלט, פון דער טריבינע פון ציוניזם ווי אלגביש־שטיינער אין די מחנה פון פיינד און האבען מיט איינמאל צעבראקעלט די צוויי אייזערנע בעק, וועלכע האבען ארויסגעשטרעקט יעדעס מאל זייערע הערנער, די „הערנער פון איין עזעל" קעגען די פעסטונג פון דער טאכטער פון ציון".

וואס זאגט איהר עפים צו די אייזלען מיט די הערנער? — א קשיא אויף א מעשה! אין דער זאאלאגיע פון א מליצה-שרייבער קאן גאר געמאלט זיין, אז די אייזלען האבען שוין נישט קיין לאנגע אויערען, נאר לאנגע צונגער און — הערנער.

דאס איז דאס בינטעל בלומען, צונויף געחאפט אין איילעניש. די בלומען פון פיעל אנדערע צייטונגען, מוז איך לײדער לאזען ליגען. א שאד ארט און צייט.

לעקטאר.

---

# פאליטישע נייעס.

— די בעוועגונג אין מאקעדאניע, וועלכע בולגאריע אליין האט ביז איצט געשטיצט, האט אויך סערביע בעקומען צו זיך. ווי די בלעטער מעלדען, איז אין בעלגראד, די הויפטשטאדט פון סערביע, נישט לאנג געוועזען א פארזאמלונג, אויף וועלכע עס זענען צוזאמענגעקומען 8000 מאן, צווישען וועלכע עס האבען זיך געפונען געוועזענע מיניסטארען. דער ערצבישאף פון סערביע אלעקסא איליטש

---

פון קדמונים, אונזערע ווייבער זענען אויסגעשטעלט, טאמער חלילה בלייבען זיי אהן א כפרה.

— זאגט אייערע ווייבער, אז זיי זאלען זיין פאר אונז די כפרה, ווארום זיי זענען ערגער טויזענט מאל פון געצענדינערינס, זיי האבען ניט אין זיך קיין קאפ יושר, גזלנ'טעס! רוצח'טעס!

— ששש... כפרות, ניט כפרות, למאי נפקא מינה? אז מע קוילעט אייך אזוי און מע בראט אייך און מע עסט אייך איז אייך גרינגער?

— דערויף זענען מיר עופות מע זאל אונז קוילען, בראטען און עסען.

— וואס זשע ארט דאס אייך, אז יודען פארדינען מיט אייך א מצוה?

— פאראן ביי אייך זעקס הונדערט דרייצעהן, תרי"ג מצות, זוכט אייך אפ איין אנדער מצוה.

— מע זאגט מיט אייך „בני אדם" דריי מאל כסדר...

— מע איז אייך מוחל די טובה.

— וואס העלפען די טענות? מיר קאנען זיך אהן קיין כפרות נישט באגעהן, ס'איז ערב יום כפור!

— וואס זשע איז עפים געפאלען דער גורל אויף אונז? פאראן ביי אייך קארג עופות אויסגערעכענט אין דער תורה? ווינציג פוילע גענז, פעטע קאטשקעס מיט גראבע בייכלעך, אינדיקעס מיוחסים דרעהען זיך ביי אייך ארום אויף דער וועלט?

— גענז קוילען מיר חנוכה און פרעגלען פון זיי שמאלץ, קאטשקעס בראטען מיר אזוי, אינדיקעס האדעווען מיר אויף פסח, און אייך דארפען מיר אויף כפרות.

— מיר דארפען אייך אויך אויף כפרות!

— זייט זשע ניט קיין עזות־פנימ'ער, עס רעדען נישט מיט אייך קיין יונגעלעך, עס רעדען מיט אייך עפים רבנים, דינים, שוחטים!

— שוחטים? קוילערס הייסט דאס? טאקי א גרוים שטריימל פאר אונז שוחטים! א מיתה משונה זאל קומען אויף אלע שוחטים פון דער גאנצער וועלט! א נו, ניט אונז נאר אהער אייערע שוחטים די קוילערס, די רוצחים, די אומדערבארעמיגע צבוע'קעס מיט די שוך און זעקעלעך!

— וואס האבען זיי אייך אזעלכס געטאן די שוחטים, וואס איהר זענט אזוי ברוגז?

— קוקאריקו! חא־חא־חא! וואס זאגט איהר אויף די צדיקים? קארג בלוט פארצאפט איהר אונז אלע טאג?

— מיר מאכען א ברכה איבער אייך און פארשארען דאס בלוט מיט אש.

— א שענעם דאנק אייך. א נו, גיט אונז זייט מוחל אהער אייערע

האט די אספה געזעפענט מיט א ווארעמע רעדע, אין וועלכע ער האט געשילדערט דאס ליידען פון סערבישען פאלק דורך די טערקען. ווארטען ביז אייראפא וועט זיך פאר אונז אננעמען. זאגט ווייטער דער ערצבישאף, איז נישט מעגליך, מיר מוזען אליין זיך מיט טערקיי אברעכענען. די אספה האט בעשלאסען, אז דאס סערבישע פאלק זאל פארלאנגען פון דער טערקיי, זי זאל די בעשיידונג פון דער מאקע־דאנישער פראגע איבערגעבען צו די סערבען און די אנדערע סלאווען. וואס געפינען זיך אויף דעם באלקאנישען האלב־אינזעל.

— דער נייער סערבישע קעניג פיאטער זעהט ערשט איצט, אז די קרוין איז צו שווער פאר איהם. די אפיציערען, וואס האבען נישט טיילגענומען אין דער רציחה פון בעלגראד, פארלאנגען דווקא, אז דער קעניג זאל בעשטראפען די רוצחים פון די פריהערדיגע קעניגליכע פאמיליע. דער קעניג האט אבער פאר די רוצחים מורא און קאן זיך קיין עצה ניט געבען. קודם כל האט ער איינגעזעצט די אפיצירען, וואס פארלאנגען בעשטראפונג. 23 אפיציערען זיצען אין טורמע.

די בונטאווישציקעס פארלאנגען נישט אנדערש מען זאל די רוצחים פאר׳משפט׳ן צום טויט. אויף זייער אויפרוף זענען געחת׳מעט זיבען הונדערט אפיצירען.

— פירשט פערדינאנד קאבורג איז צוריק געקומען אין סאפיא די הויפט-שטאדט פון בולגאריע און איצינד גלויבט שוין, נאטירליך, קיינער נישט, אז ער איז אנטלאפען פון זיין לאנד ווייל ער האט מורא געהאט פאר די מורדים.

— אין אמעריקא גלויבט מען איצט א נייעם פרעזידענט, א חוץ רוזוועלט, דער היינטיגער פרעזידענט, האט אויסזיכט אויף ווערען א פרעזידענט דער סאציאליסט ג י ר ס ט, וועלכער איז א גביר פון איינינע מיליאנען

— די טערקישע רעגירונג האט בעשטעלט אין דייטשלאנד 200,000 קילאגראם פולווער, וואס שיסען אהן רויך.

---

העלזער אזוי ווי מיר אייך, לעגט זיך קארשט אנידער, מיר וועלען אייך מאכען חיק אזוי ווי איהר אונז, און פארשארען אייער בלוט מיט אש, וואס וועט איהר דעמאלט זאגען?

— איהר זענט קעגען דעם מנהג העולם, איהר ווילט מאכען איין איבערקערעניש אין דער וועלט, איהר ווידערשפעניגט... איהר וועט אונז האבען צו געדענקען! . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אין א פאר טאג ארום זענען די נארישע עופות געלעגען אויס־געצויגען מיט די פיסלעך ארויף, אביסל געקאטשעט זיך, געקארטשעט און געציטערט, און גיך פארגלאנצט די איינגלעך ארויף און אפ־געגעבען גאט די נשמה.

די עופות האבען אויסגעפיהרט: מע האט מיט זיי קיין כפרות נ י ט געשלאגען.

— די געשעפטען אין טערקיי זענען שטארק געשלאגען גע־ווארען, מחמת דעם קלאנג, וואס איז ארויס, אז דער סולטאן האט געשיקט צו בולגאריע די לעצטע אזהרה, און אז מען מאכט שוין הכנות צו מלחמה.

- די טערקישע רעגירונג האט געמעלדט, אז די מרידה אין מאקעדאניע וועט קירצליך איינגעשטילט ווערען.

---

# נייעס פון דער וואך.

## I. וועלט נייעס.

— די קייזערליכער אוניווערזיטעט אין פעקין האט זיך פאר־מאכט, ווייל דעם קייזערס מוטער די אלמנה האט געפונען, אז אלע נייע שעדליכע בעוועגונגען קומען ארויס פון דארטען.

— דעם 20 סעפטעמבער וועט זיין אין דרום־אפריקא, אין דעם דרום׳דיגען טייל פון דעם אינדישען אקעאן און אין דרום־אויסטראליע א לקוי חמה, וואס וועט פארשטעלען די זון אין גאנצען און וועט רויערען פון 3 אוהר מיט 21 מינוטען ביז 7 אוהר 45 מינוטען נאכמיטאג.

— דעם 2 סעפטעמבער האט מען געשאסען מיט א רעוואלווער אויף דעם ביעליסטאקער פאליציי־מייסטער מעטלינקא. די קויל האט אבער נאר דעם קוטשער געטראפען, וועלכער איז שווער פאר־וואונדעט געווארען.

## II. יודישע נייעס.

עסטרייך. • נאך די רבנימ׳ס שבועה נעגען דעם בלוט־בלבול איז שוין געווען א נייע בלוט־בלבול, וואס איז נאר א ראנק דעם נארישען אויפטו נישט געראטען. אין חיראוו (גאליציע) האט געדיענט א קריסטליכע דיענסט ביים רב. פאר אפאר טאג איז די דיענסט אויפגעשטאנען ווי אויף דער לינקער זייט, האט נישט געוואלט פאלגען און נישט טון גאר נישט. אז די רביצין האט זי געפרעגט וואס איהר איז, האט זי געענטפערט מיט כעס: איהר צאפט מיר אב בלוט ביינאכט און איך זאל ביי זשידעס ארבייטען? און ווייזט ווי איהרע הענט מיט דעם קישען זענען בעפלעקט מיט בלוט און די האנט איז צעשניטען. די רבי׳צין האט שיער ניט געחלש׳ט דאס הערענדיג און איז געגאנגען דאס דערציילען דעם רב. דער רב האט געלאזט רופען צוויי דאקטוירים מיט דעם פיהרער פון די זשענדארמעריע. מען האט די דיענסט בודק געווען, מען האט אבער ביי איהר נישט געפונען קיין צייכען פון וואנעט דאס בלוט איז ארויסגעגאנגען. דער שניט אויף דער האנט איז געווען ווי איינעם צעקריצט מיט א נאדעל, בלוט איז פון דעם קריץ ניט געגאנגען. אין געריכט האט די דיענסט מודה געווען, אז דעם קריץ האט זי זיך אליין געמאכט און דאס בלוט איז פון איין אנדער מיידל פון דער גאז, מען האט זי אנגערעדט אזוי צו טון; ווער וויל זי נישט זאגען. דערוויל זענען די יודען געווען אין א גרויסע סכנה, דעמזעלבען טאג איז דער בישאף פון פשעמישל געווען אין חיראוו און צעהנטויזענטער פויערען זענען דארט צוזאמען געקומען. אין דעם שטעדטל איז דא א גרויס קלויסטער פון יעזואיטען.

ענגלאנד. • אין די פאבריקען ביי קארדיף האבען זיך די איירישע ארבייטער גענומען צו שלאגען און פארטרייבען די יודישע ארבייטער. יעדען טאג זענען די אירער בעפאלען די יודישע ארבייטער. איין יוד האט זיך געוועהרט האט מען איהם געפעהרליך צעשלאגען, אויך אנדערע יודען זענען פארוואונדעט געווארען. אין די פאבריק אריין האבען זיי זיי ניט אריין געלאזט. איבער א פארקען האבען זיך

די יודען אריינגעהאפט אין פאבריק, אבער די קריסטליכע ארבייטער האבען ניט געוואלט מיט די יודען צוזאמען ארבייטען. ביי נאכט איז א יוד געגאנגען ברויט קויפען האט מען אידם געפעהרליך געשלאגען אונ מיט די פיס געטרעטען. די ארבייטער האבען געווארפען שטיינער אין די יודישע פענסטער. דעם אנדערען טאג האבען 300 יודישע ארבייטער צוזאמען אויפגעהערט צו ארבייטען. די פיהרער פון דער פאבריק האבען גערופען די יודען צוריק אונ פיעל פאליציי־וואכלייט האבען זיי אפגעהיטען דעם גאנצען טאג ביי דער ארבייט. די בעלי־בתים פון די פאבריקען זענען פון די יודען שטארק צופרידען חאטש זיי נעמען דוקא ניט ביליגער. די יודישע ארבייטער ווילען פאהרען קיין קאנאדא.

ארץ ישראל. * יודען פון ירושלים גרינדען א נייע קאלאניע אין דעם חרוב'ן דארף עטרה ביי ירושלים. זיי האפען, אז די חברה יק"א וועט זיי העלפען די קאלאניע גרינדען. די ערד וועלען זיי זיך אליין קויפען, זי איז זעהר ביליג אונ האט גענוג וואסער פון קוועלען.

---

## בערנאר לאזאר.

דיענסטאג דעם ערשטען סעפטעמבער איז אין פאריז געשטארבען צו 38 יאהר דער בעוואוסטער יודישער פראנצויזישער שריפטשטעלער ה' בערנאר לאזאר, נאך אלאנגע, שווערע קראנקהייט.

בערנאר לאזאר איז געבארען אין יאהר 1865 אין דער שטאדט נים אין פראנקרייך. אז ער האט געענדיגט לערנען אין א מיטעל־שולע איז ער אין יאהר 1886 געקומען אין פאריז אונ האט זיך גענומען בעשעפטיגען מיט ליטעראטור. אונ מיט זיין בוך „דער היינטיגער דור" האט ער זיך געמאכט א נאמען צווישען די גרעסטע פראנצויזישע שרייבער. אויך זיינע איבריגע ביכער האבען א גרויסען ווערט אין דער ליטעראטור. אין דעם בוך „די לאמטערן־טרעגער" זעהט מען זיין הייסע ליבע צום יודישען פאלק, פאר וועלכעס ער האט די לעצטע צייט פיעל געשטריטען, אונ צום דעם צוועק האט ער אנגעהויבען ארויסגעבען א בוך מיט דעם נאמען: „דער אנטיסעמיטיזם אונ זיינע סבות", פון וועלכען עס איז נאר ארויס איין באנד. אין יאהר 1896 האט ער דעם בעוואוסטען אנטיסעמיט דרומאן שטארק געזידעלט אין די צייטונגען, אז יענער האט איהם דעריבער ארויסגערופען אויף א דועל. ענדע פון איינגענעם 1896 טען יאהר האט ער אבגעדרוקט א בראשורע מיט דעם נאמען „דער אמת וועגען דעם סקאנדאל דרייפוס" אונ פון יענער צייט אן האט ער זיין גאנץ לעבען צו דער זאך מקריב געוועזען אונ ער האט זעהר פיעל געווירקט, אז מען זאל דרייפוסען איבערמשפט'ן. די שנאה צו יודען, וואס ער האט געזעהן ביי דרייפוסעס משפט, האט איהם געמאכט פאר א ציוניסט אונ אויפ'ן צווייטען אונ דריטען קאנגרעס איז ער געוועזען א דעלעגירטער. דערנאך, האט ער זיך אין גאנצען איבערגעגעבען דעם ענין דרייפוס אונ צו די יודענפראגע אין רומעניע. זיין רייזע אין רומעניע, האט ער בעשריבען אין א בעזונדער בוך, וואס הייסט „די יודען אין רומעניע". ער האט געהאט בדעה די יודישע לאגע אין רוסלאנד אונ גאליציע אויך צו בעשרייבען אונ צו דעם צוועק איז ער פאריגעס יאהר גערייזט אין גאליציע. נאר צום בעדויערען, האט ער עס שוין נישט בעוויזען צו דרוקען, דען ער איז שווער קראנק געווארען.

די לויה איז געוועזען זעהר א פשוט'ע, דען אזוי האט דער פארשטארבענער פארלאנגט. אויף זיין מצבה, האט ער אין זיין צוואה געבעטען, זאל מען שטעלען „בערנאר לאזאר א יוד".

איין אמת'ער, הייסער, חאטש נישט קיין פרומער, יוד איז בערנאר לאזאר געוועזען. תנצב"ה.

---

## ידיעות וועגען אוגאנדא.

אין די צייטונגען געפינען מיר נאך גענויערע ידיעות פון זיכערע קוועלען וועגען אוגאנדא:

„ביי די ברעגען פון דער אזערא ניאנזא ציעהען זיך גרויסע בערג. די טעמפעראטור, וואס איז כמעט גלייך כסדר דורכ'ן יאהר, האלט ביי טאג פון 13 ביז 33 גראד. ביינאכט ווערד די טעמפעראטור נידריגער, נאר אלענפאלס ניט נידריגער פון 10 גראד. די צייטען פון רעגען קומען אויס אין פריהלינג: מארט, אפריל, מאי אונ אין אסיען: סענטיאבר, אקטיאבר, נאיאבר. די רעגענ'ס זענען אפטע, נאר זיי דויערען נישט לאנג: נאר צוויי דריי שעה.

דער קלימאט איז בכלל א ווייכער אונ איין אנגענעהמער; נאר אין צענטרום פון דעם לאנד איז ער נישט זעהר קיין געזונטער. צוליב די גרויסע בלאטעס הערשט אין צענטרום די ליחאראדקע (פיעבער).

די נאטור־רייכקייט פון אוגאנדא איז נאך ביז יעצט ניט אויסגעפארשט. נאר דאס איז געוויס, אז דאס לאנד איז רייך מיט אייזען. אין צענטרום איז פאראן אויך מעש־גריבער.

די ערד, כמעט אויפ'ן גאנצען שטח, איז זעהר א פרוכטבארע. די זייטען פון די בערג זענען בעדעקט מיט שענע געוויקסען.

דער צאהל פון די איינוואהנער דערגרייכט ביז 5 מיליאן. אינטערעסאנט איז די צעטיילונג פון די איינוואהנער נאכ'ן מין: נקבות איז דארטען דא צוויי מאל אזוי פול וויפיעל זכרים. דאס קומט ארויס פון די אפטע מלחמות, וואס שלינגען איין א סך יונגע מענשען אונ אויך פון דעם, וואס נאך א נצחון נעמען די איינוואהנער אין פלען א סך פרויען. דער שבט וואגאנדא איז קולטורנער פון אלע איבריגע איינוואהנער פון אסט־אפריקא. דער שבט צייכענט זיך איבערהויפט אויס צווישען אלע נערגישע שבטים מיט זיינע סימפאטישע געזיכטסציגע אונ איבערהויפט מיט זיין אויסערליכען אויסזעהן. זיי זענען הויך געוואקסען אונ דער קערפער שטארק געבויט. די וואגאנדעס — ניט ווי אלע נעגערן — שערען זיך, פיילען ניט די צייהן, מאלען ניט אויס די קערפער'ס (טאטואירונג) אונ אין גאס ווייזען זיי זיך קיינמאל ניט אהן קליידער. זייערע בגדים זענען ברייטע, דאס מעהרסטען ווייסע. זיי וועבען עס פון האלץ־קארע אין דער פארמע פון א ליילעך. וואס פארבינדט זיך ביי די מענער אויף די פלייצע מיט א קניפל אונ די פרויען דעקען צו דעם גאנצען קערפער. געהן געהען זיי בארפוס, די רייכערע טראגען אויף די פוס שענע סאנדאלען (אזעלכע פאנטאפלען). זיי לעבען זעהר ציכטיג, שמירען ניט דעם קערפער מיט חלב אדער פוטער, כדי צו מאכען דעם קערפער גלאנציג, ווי עס טוען עס די איבריגע נעגערן.

איבערהויפט בעשעפטיגען זיך די איינוואהנער מיט ערדארבייט, מיט פאנגען חיות אונ פיש אונ פיהרען מלחמה מיט די שכנים. די

וואנאנדערן האלטען אבער די ערדארבייט און בהמות חאוועו פאר ניט קיין מאנספילישע מלאכה — דאס געהער צו די ווייבער. אויסערדעם ענטוויקלען זיך ביי זיי די פאלגענדע מלאכות: שמיעדעריי, אויס-ארבייטונג פון פעל און האלץ-קארע אויף קליידער, שיפען-בויאונג און פארשיעדענע פלעכטונגען פון כלים, אויך ציגעל אויסארבייטונג.

בכלל האבען די וואנאנדען ליב מלחמה. זיי זענען זעהר פעהיג און ניט פראסט. ס'ווייזט אויס, אז זיי זענען מסוגל אנצונעמען א סך זאכען פון דער אייראפייאישע קולטור. זיי לערנען זיך גיך אויס לעזען און שרייבען. זעהר גיך לערנען זיי זיך אויס די אייראפייאישע מאנערען פון מלחמה, וואס זיי האבען שוין געוויזען אין די לעצטע מלחמות זייערע. אהן צווייפעל, אז די נאטור זייערע צוצונעמען גיך די קולטורישע איינגענשאפטען וועט ערשט ברענגען נוצען ווען געבען זיי וועט זיך בעזעצען א קולטורנער מסחר-פאלק.

אינטערעסאנטע ידיעות וועגען די אויבערהערשאפט פון ענגלאנד אויף מזרח-אפריקא בכלל און אוגאנדא בפרט געפינען מיר אין דער רעכענשאפט פון דעם קיינער'ליכען קאמיסאר אויף מזרח-אפריקא, דעם הערן עליאט.

סער עליאט ברענגט די מיינונגען פון מיניסטער טשעמבערליין, וואס האט ניט לאנג בעזוכט אסט-אפריקא. נאך זיין מיינונג זענען די געבירגיגע ערטער פון דעם לאנד זעהר גוט פאר איין אייראפייאישע קאלאניזאציע. אין די ערטער ביי א קלימאט, וואס איז כמעט גלייך צו דעם קלימאט פון ענגלאנד, קענען די קאלאניסטען לעבען ביי די זעלבע תנאים און פיהרען דעם זעלבען ארט לעבען ווי אין אייראפא. די אייראפייער, וואס וואהנען שוין דארטען, האבען זעהר א געזונטען און פרייהליכען אויסזעהן; עסען גוט, ווייל ס'איז דא א סך פלייש, ניט ערגער ווי אין ענגלאנד. דארט איז פאראן פיעל שטיינער און וועלדער און דעריבער קאן מען בויען פארשידענע הייזער אויפ'ן אייראפייאישען מאנער און אויך מעבעל ארבעט מען דארטען אויס. דער גרונד פון די ערד איז דאס מעהרסטען א טונקעלע-ברוינע און ענטהאלטעט אין זיך א סך אייזען. די ערד קאן מען בעארבייטען פיער-פינף יאהר כסדר און מיזן דארף ניט אלע יאהר קינסטליך בעמיסטיגען.

דער מיניסטער טשעמבערליין איז זיכער, אז נאך דעם אלעמען וועט אסט-אפריקא זיין אזוי גוט פאר קאלאניזאציע ווי זעלאנדיע און אויסטראליע.

---

# א משורר'ל אויף ימים נוראים.

אין דעם גאנצען שטעדטל האט ער געקלונגען יוסילע פייגעלע.

דער פאטער איז א מאליארש, א יוד א הויכער און א דארער מיט א לאנגע קאלטאנעוואטע בארד, וואס קוקענדיג דערויף איז מען זיך פון עפיס מיאש, בחנם א קאס אין די האר אריינשטעקען, בחנם... א מאליארש איז ער, פון דער הוילער הויט איז ער א מאליארש געווארען. און אזוי איז ער שוין פון לאנג, פאר יעדע שטוב האט ער א בעזונדערען דעסען. די דעסענעס לאזט ער זיך גישט ברענגען פון ווארשא, ניין, זיינע אייגענע מעשי ידיו, אליין שניידט ער זיך זיי אויס, זיצט ביי נאכט, איינער אליין ביי'ם טישל, דאס לעמפל רייכערט זיך פאר איהם, און ארום איהם איז פינסטער און טרויעריג און עפיס א ווארעמקייט גיעהט אויף פון די ארומיגע פינסטערניש און ער זיצט זיך לייזער אדלער מאליארש און שניידט זיך אויס מיט זיין מעסערל א דעסען מיט פליגלען פון פייגעלעך און מגן-דוד'לעך ארום. ער זיצט און שניידט. דאס לעמפל צאנקט, דאס ביסל ליכט ווערד פארלארען אין די ארומיגע פינסטערניש. אזוי זיצט ער און שניידט נאך. מיט אמאל ווערד ער געוואהר, אז עס איז פינסטער אין שטוב; חאפט ער זיך אויף און וואונדערט זיך עפיס, דער וועג פונ'ם טישל צום געלעגער איז איהם גוט בעקאנט, ווערד ער אין א מינוט שפעטער אין די פינסטערניש פארהוילען.

א זוהנדל האט ער, יוסילע הייסט ער. א קליינס איז עס, א מאגערס און א דארס. דער דינער האלז הענגט נאר אזוי זיך אויף א געלעכטערל... און כ'לעבען ס'איז איין אימה, אז מען זאל נישט צוגעהן דערצו און עס א וועקשנעלען. הינטען א הארב א שפיצינגען, וואס דאכט זיך, אז עס האט אין זיך אריינגענומען דעם גאנצען יונגלס קערפערל, און א פנימ'ל מיט צוויי דארע ביינדעלעך, און די שווארצע, גרויסע פולע אויגען, דאכט זיך, סקאליטשען זיך צווישען די צוויי שפיציגע ביינער. און א הויכער שטערען, די האר ווי ביי איין אלטען אויסגעקראכען. און דאס יונגל האט אין זיך איין אייגענשאפט, אז ער גיט א קוויטש דאכט זיך, אז עס האט ווער זיין גאר העלזל צווישען א מיר איינגעקוועטשט, און עס פאלט דעמסטמאל אן אזא רחמנות און אזא אימה, אז מען האט מורא, טאקי, אז דאס העלזל זאל נישט צווישען די מיר בלייבען אבגעווארגען...

א גאנץ יאהר איז אט דאס יונגל גאר קיין גרויסער מורנו נישט, ער וואלגערט זיך אין געסל ארום — ווייל עס איז א לעבעדיג נפש'ל, און קאן זיך קריכען. מען צעטרעט עס נישט מיט די פיס, ווייל עס איז העכער פון א ווארם און קאן קוויטשען, ווען מען טרעט עס אן... זיצט עס זיך, א פאר נאכט למשל אויף דער ערד, ווען עס האט שוין פון דער מאמעס קיך א שטיקל ברויט אוועק געגנבע'ט און האט מורא אהיים צו קומען, און זינגט זיך א מעשה „ווי דער גראף איז אין וואלד געגאנגען". אין געסל, זענען נאר בלויסע ווייבער דא, און פאר ווייבער האט אפילו אזא יוסילע נישט קיין מורא.

גיט מען אבער דעם ערשטען בלאז מיט'ן שופר, און דאס שטעדטל ציטערט, ווערד אזא יוסילע מיט איינמאל פון א ווערמל א מענש — דאס איז זיין צייט. דער חזן פון דער שוהל קומט זיך בעטען און סודל'ט זיך מיט'ן טאטען, דער חזן פון בית-המדרש קומט זיך בעטען און סודל'ט זיך מיט'ן טאטען. און יוסל שפרינגט דעמסטמאל אונטער אין דער גאס פרייהליכער און גיט א קוויטש א טרויעריגען „מי לחיים ומי למות".

און דער „מאכער" איז דאס ראש-השנה ביי ונתנה תוקף. דער חזן זאגט דעם ונתנה תוקף, וויינט אב די ווערטער, די משוררים האלטען מיט. ליבל בעגער, דער באס, גיט א „קלאפ" מיט אנציהענדיג דעם גארגעל, און די גאמבע ווערד טאפעל, און דער באס גיט א קלאפ בא-א-א-ם, דאס אלץ הייבט זיך גאר נישט אן. דער חזן גיט א ווינק צו קראפלען, א נידריגער יונג מיט א געשוואלענער באק, און א ווייסען גומענעם קראגען פון פינפצעהן יאהר א יונג: וואו האלטען זיי די חברה? זינגענדיג: טרא-א א-א, לא, לא, לא-א. קראפל גיט איהם איין ענטפער אב זינגענדיג. דעמסטמאל גיט דער חזן א ווינק צו יוסילען און יוסילע גיט א קוויטש: „וקול דממה דקה ישמע". דאכט זיך דענסט-

מאל, אז אט איז דאס מלאכל פון הימעל אראבגעפאלען מיט'ן קוויטשענדיג קול. און באלד הערט זיך דערנאך א חליפע פון דער ווייבער-שוהל. „נעם זיי" — ווינקט צו איהם בעמנער, און יוסילע גיט זיך א רוף אן, אזוי אז דאס הויקערל גיט זיך א קארטשע איין „ומלא־א־כים יי־א־ח־א־פ־א־זון". דענסטמאל איז די מעשה ריכטיג — די ווייבער ווייגען מיט א קול. און יוסילע צעלאזט זיך מיט א קוויטש. ער שטעהט אויף די הויכע טרעפלעך, וואס פיהרען צום ארון־קודש, ביי איהם ר' ישראל קיביל, דער דאזאר, וואס ער האט געהאט „פתיחה" און גלייך איז ער דענסטמאל צו איהם און ער זינגט זיך און צעגיסט זיך אויפ'ן קול. ארום איהם, די בעל־בתישע יונגלעך, מיט די נייע יום־טוב'דיגע קאפאטקעלעך, וואס דער שמש האט נישט די העזה זיי פון אויבען אן אראב צו יאגען, און זיי קוקען מיט קנאה אויף יוסילע הויקער, און יוסילע שטעהט און ווינקט אראב צו זיי מיט גאוה, זא־גענדיג: „וחיל ורעדה יאחזון". — און דאס קול'כל צעגיסט זיך און קוויטשעט און קוויטשעט וואס אמאל מעהר ווייגענדיגער און הארצ־צערייסענדיגער, אזוי, אז עס דאכט זיך, אז דאס העלזל ווערד וואס אמאל מעהרער איינגעצויגען און איינגעצויגען...

---

נאר קוים איז נאה ימים נוראים, ווען יוסילע וואלגערט זיך ווייטער ארום אין גאס ווי א ווערעמל און קוויטשעט זיך פאר זיך און קיינער הערט איהם נישט, דענסטמאל וואונדערט זיך נישט איין דורך געהער: עס איז דאך נאר יוסילע געוועזן, דער יוסילע, מיט דעם קוויטש־שענדיג קול'כל — און פארוואס ווייגט מען אזוי — פאר וואס?

יוסילע שפרינגט אונטער, דאס הויקערל טאנצט מיט — ס'ווינקט מי לחיים ומי למ־ו־ת.

שלום אש.

---

## וואס זאלען מיר עסען און טרינקען?

(ענדע פון נומער 35).

דאס איז אויך א פאלשע הבטחה פון די וועגעטעריאנער — זאגט העפפע — דאס וואס זיי פארזיכערען מעהר געזונט און קראפט פאר די וואס וועלען זיך דערנעהרען נאר מיט שפייזען פון געוועקסע, זיי ברענגען א ראיה פון די חיות. וועלכע עסען גראזען. לאמיר נאר אקארשט גוט בעטראכטען, וועלען מיר זעהן, אז ניט קיין העלפאנט, ניט קיין אקס, אדער פערד וועלען בשום אופן ניט קאנען אויפהייבען א משא וועלכע זאל זיין אין גלייכען וואג מיט זייער אייגענעם קערפער. דאגעגען א לייב הייבט אויף מיט זיינע צייהנער א גרעסערע קאלב פון איהם אליין און שפרינגט איבער מיט איהם זעהר לייכט איבער א פארקאן פון א סאזשען די הויך. די וועגעטעריאנער ריהמען זיך, אז זיי האבען מעהר קראפט אין די פיס און זענען פלינקער אין לויפען ווי די ניט וועגעטעריאנער. נאר דאס האט מען שוין געזעהן דעם רעזולטאט ניט לאנג הינטער ניו־יארק. דארט איז אויסגעקומען פונקט פארקעהרט ווי זיי זאגען. עס האבען זיך דארט געוועט ווער ווערען עס וועט איבעריאגען, איז דער וועגעטעריאנער איינגעלאפען אין א משך פון 110 שעה 578 קילאמעטער, און די אנדערע ניט וועגעטעריא־נער, איז דער בעסטער לויפער איינגעלאפען אין א משך פון 112 — 982 קילאמעטער און דער ערגסטער לויפער איז איינגעלאפען אין 109 שעה 845 קילאמעטער. דערפון אליין זעהט מען שוין, אז זיי האבען ניט מעהר כח און געשווינדיגקייט. — ענדליך דאס וואס זיי ברענגען ראיות פון די פעלקער, וואס וואהנען אין אזיע, איז אויך ניט אמת; ווייל דאס איז א דבר ידוע, אז די אינדיאנער אדער יאפאנער, וואס לעבען נאר כמעט פון געוועקסע־שפייזען, זענען פיעל שוואכער פון די אייראפייער מענשען.

אויך דאס איז ניט אמת, וואס די וועגעטעריאנער זאגען, אז זייערע שפייזען מאכען דעם מענשען מילד און בעסער אין כאראקטער; נאך זייער מיינונג איז, די וועלכע עסען פלייש זענען שלעכט און אויפגערייצט, דארויף קאנען מיר ווייזען דעם היפך, למשל פון בהמות, א „נאסאראג" אדער א ביק זיי עסען דאך נאר גראז, ווען זיי ווערען צערייצט זענען זיי נאך שרעקליכער פאר א ווילדע חיה און ביי מענ־שען בעדארפען מיר גאר ניט פיעל זוכען, עס איז גענוג צו ווייזען צב"ש פון איין זייט אויף די פלייש־עסער די „עסקימאסען", וועלכע זענען אלעמען בעוואוסט פאר א שטיל. רוהיג פאלק, און פון דער אנדערער זייט אויף נאטירליכע וועגעטעריאנער למשל: די „דאיאקען", אינדא־כינעזער און נאך אזעלכע, וועלכע זענען בעוואוסט מיט זייער שלעכטיגקייט און פארדארבענע כאראקטערען.

— על כל פנים זעהען מיר, אז סאי מצד הטבע און סאי מצד השכל דארף דער מענש ניט אננעמען די מיינונג פון די וועגעטער־יאנער ד"ה זיך דערנעהרען מיט שפייזען פון בלויס געוועקסע, נאר מען דארף טאקי עסען, אי ברויט, אי פלייש. רייז, ארבעס, אייער און מילך אד"ג. דאס איז אפילו אמת, אז אויף דער עלטער, ווען אלע אברים פון אונזער קערפער ווערען זעהר אפגעשוואכט אזוי ווי „קהלת" זאגט: „ביום שיזעו שומרי הבית והתעותו אנשי החיל ובטלו הטוחנות", ד"ה אין דער צייט, וואס די הענט מיט די פיס ווערען אפגעשוואכט און די צייהנער פאלען ארויס, דענסטמאל מוז דער מענש ניט ווי־לענדיג זיך אפזאגען פון פלייש, נאר אנשטאט דעם קאן ער גאנץ דרייסט געניסען מילך און אייער, וועלכע נוצען איהם אזוי גוט ווי פלייש־שפייזען.

אציגד וועלען מיר צוריקקעהרען צו דעם ענין, וואס מיר האבען אנגעפאנגען, וואס דארפען מיר עסען און טרינקען?

דער קערפער פון מענשען איז בעשאפען צום מעהרסטען טייל פון וואסער, ווייטער פון: אייוויים (ווייסל), פעטס, קראכמאל, צוקער און זאלצען. אט די אלע מאטעריאלען זענען ניט דויערהאפטיג, ד"ה זיי ניצען זיך גיך אפ, דעריבער דארף דער מענש האבען נאהרונגס־מיטעל, כדי דער קערפער זאל בלייבען אין זיין מעמד.

וועלכע זענען די נייטיגסטע נאהרונגס-מיטעל פאר דעם קער־פער? ערשטענס, דאס וואסער דארף האבען דער קערפער. 1) כדי ס'זאל מאכען פליסיג דאס בלוט, אום עס זאל קאנען בעזעפטיגען אלע קערפער צעלען; 2) עס זאל ווייך און לעזליך מאכען די הארטע און שטייפע מאכלים; 3) עס זאל ארויסטרייבען די איבריגע, ד"ה ניט ניצליכע מאטעריאל פון קערפער, און זאל מאכען מאגען־זאפט צום פארדייען די שפייזען אז"ו אז"ו.

דער מענשליכער קערפער בעשטעהט פון 63 פראצענט וואסער. געוויינטליך דארף ער האבען יעדען טאג אויף דער הוצאה 2—$2^1/_2$ ליטער וואסער דורך דעם וואס ער גיט ארויס פון זיך: שוייס, אורין

און נאך אנדערע בעדערפעניש. כדי צו דערפילען די מאס, וואס ע ווערד וועניגער, נעמט ער איין יעדען טאג דורכשניטליך פון 2—3 ליטער וואסער, און דער וואס נעמט איין אין זיך צו ווייניג וואסער, אדער בעגנוגט זיך גאר אהן וואסער, דעם הויבט אן צו קוויילען דער דארשט, דערפון קומען ארויס שווערע קראנקהייטען און צום סוף דער טויט. דאס ווייסט דאך יעדערער, אז הונגער קאן מען פיעל לענגער אויסהאלטען ווי דארשט. דערפון זעהט מען, אז דער עיקר נאהרונג פאר א מענשען איז וואסער. דעריבער דארף מען טאקי גוט בעזארגע אז דאס וואסער, וואס מען וויל טרינקען, זאל זיין קלאר און פריש, עס זאל ניט האבען קיין ריח און ניט קיין בעזונדער קאליר. די בעסטע וואסער איז פון א ברונען, אדער פון א קוואל, נאר פון וואסערלייטונג איז אויך ניט שלעכט. כדי דאס וואסער זאל זיין געשמאק צום טרינקען דארף עס זיין ווארעם פון לערך 7—11 גראד צעלזוס. עס דארף זיין אין דעם אביסל קאהלענזיירע, ווייל אהן די קאהלענזיירע איז דאס וואסער אביסל עקעלדיג צום טרינקען. אבגעשטאנענע וואסער אדער איבערגעקאכטע, אדער דעסטעלירטע און בכלל וואסער, וואס שטעהט א לאנגע צייט אויף א ווארעם ארט, ווערד פארלארען די קאהלענזיירע, ווייל דאס איז נישט מעהר ווי א גאז. דאס ווייסט אויך יעדער, אז מען איז זעהר דארשטיג איז פיעל דערקוויקענדער א גלאז פריש קאלט וואסער פון א גלאז וויין, ביער אדער מילך און אגב אורחא האט מען דאס טאקי אומזיסט. דאגעגען דארף מען זיין זעהר פארזיכטיג ניט צו טרינקען מוטנע וואסער, ווייל דארט געפינען זיך אפטמאל „באצילען" אדער פארפוילטע זאכען אדער ווען ס'האט צו פיעל ערד־זאלץ. פון טרינקען אזעלכע וואסער קומען ארויס פארשידענע קראנקהייטען, ווי מאגען־קראנקהייט, שלשול, ברעכען, אפטמאל אויך טיפוס, כאלערא א. ד. ג.

אויך מוז מען זיך היטען, אז מען איז שטארק דערהיצט ניט צו טרינקען אייז־קאלט וואסער, ווייל פון פלוצליכע אבקיהלונג קומט ארויס מאגען־קאטאר און נאך פארשידענע קראנקהייט. בעזונדערס דארפען דאס וויסען די ארבייטס־לייט, וועלכע ארבייטען אין דער היץ. בשעת דער ארבייט פארלירען זיי זעהר פיעל וואסער, ד"ה שווייס, און מוזען זעהר פיעל טרינקען, כדי זיי זאלען ניט בעקומען דעם היץ־שלאג.

אין דער צייט ווען מען עסט, קאן מען טרינקען ביסלעך־ווייז וואסער וויפיעל מען וויל, נאר פאר דעם עסען איז ניט גוט פיעל וואסער צו טרינקען, ווייל אז דער מאגען פולט זיך אן מיט וואסער בלייבט ניט קיין ארט פאר די שפייזען. אויך איז ניט גוט באלד נאך דעם עסען פיעל וואסער, ווייל עס מאכט צו שיטער די פערדייהונגס־זאפטען, וועלכע זענען אים מאגען און זיי קענען ניט גוט ווירקען. אויך דארף מען ניט טרינקען קאלט וואסער, נאך הייסע שפייזען, צב"ש נאך זופ, ווייל דאס איז שעדליך, אי פאר די צייהן און אויך פאר דעם מאגען.

פ. קאנטאראוויטש.

---

# אלטנייַלאנד.

(פארטזעצונג פון נומער 35).

XXVII

דער ראש הקהל פרידמאן עפענט די אספה מיט קורצע עטליכע ווערטער, אין וועלכע ער דערמאנט דעם עולם זיי זאלען זיך רוהיג פארהאלטען און לאזען אויסרעדען זייערע געגנער אפילו ווען זיי געפעלט ניט יענעמ'ס דבורים. נאך דעם גיט ער דאס ווארט דעם ארכיטעקטאר שטיינעק.

שטיינעק כאראקטעריזירט אין א פייעריגער רעדע דעם דאקטאר גייער אלס ראבינער, וואס זוכט נאר צו חנפ'נען זיינע לייט. ער מאלט איהם אב ווי אזוי ער האט אין גלות געשאדט דעם ציוניזם דורך זיינע פאלשע תורות, מיט וועלכע ער האט זיך נאר געמיינט אונטערצוחנפ'נען צו די רייכע בעלי־בתים. די יודישע גבירים, וואס דער ציוניזם האט זיי ניט געשמעקט. אצינד וויל ער אויך זיך אונטערחנפ'נ'ען דער מאסע. מיט איינעם ווארט שטיינעק ווענדט אן אלע זיינע כחות צו אונטערגראבען אונטער גייער'ס אויטאריטעט און איהם אראבצווארפען אין די אויגען פון דעם עולם.

אלס שטיינעק האט געענדיגט בעקומט מענדעל דאס ווארט.

„הער שטיינעק, זאגט ער, האט אונז א רעדע געהאלטען", „מע קאן זאגען ס'ע איז א שענע רעדע געוועזען. מע קאן אבער אויך זאגען ס'ע איז א גראבע רעדע געוועזען. איך זאג אז ס'איז א גראבע רעדע געוועזען. הער שטיינעס האט אונז אלע בעליידיגט בעת ער האט געזאגט. אז מיר זענען ניט ווערט, וואס די זון שיינט אויף אונז. פאר וואס זענען מיר עס ניט ווערט? ווייל מיר ווילען ניט יעדען אריינלאזען? ווער האט די שטיינער ארויס געקלאפט? מיר! ווער האט זיך געפלאגט און גובר געוועזען די פארלאזטע ערד? מיר! ווער האט אויסגעטרוקענט די בלאטעס, געגראבען קאנאלען, געפלאנצט ביימער, ווער האט געשוויצט און געפרווירען ביז דאס אלעס איז פארטיג געווארען? מיר, מיר! און אצינד אויף א מאל זאל עס ניט זיין אונזערס. דא שטעקט אונזער שווייס און בלוט, אונזער ארבייט און מיט א מאל זאלען מיר עס אוועקגעבען פרעמדע? ניין דאס וועט ניט זיין! און וועגען דאקטאר גייער איז ניט מיין עסק וואס ער איז פריהער געוועזען און וואס ער האט פריהער געזאגט. אצינד האט ער רעכט — דאס ווייס איך, וואס מיר האבען אונז מיט אונזערע הענט פארשאפט מוז אונז בלייבען, מיר ווילען קיינעם ניט לאזען עס אוועקנעמען — מעהר האב איך ניט וואס צו זאגען.

דער מחבר פון אלטנייַלאנד, געוועהנליך האלט ניט מיט מענדלען און זיין פארטייע, נאר פון דעסטוועגען זעהט מען, אז פונקט אזוי פיעל ווי ער איז אויפגערייצט אקעגען גייער'ן דעם חונף פון דער מאסע, דעם „פאליטיקער פון דעם נאהנסטען פארטייל", פונקט אזוי איז ער פול מיט סימפאטיע צו דעם גראבען נאר ערליכען מענדעל. הערצל האט מיט זיין רייכען גייסט תופס געוועזען די נשמה פון דעם פראסטען יודען און פארשטעהט זי צו שעצ'ען, אויך די פיגור פון דעם אלטען רב, רב שמואל מאלטער מיט שיינבארער ליבע און דרך־ארץ. אומזיסט זאגען אנדערע, אז הערצל פארשטעהט אונז די מזרח יודען גאר ניט אדער ווייניג!

איך וויל ניט מאריך בדרוש זיין, די לאנגע רעדע פון דוד ליטוואק איז א שטיק פירוש אויפ'ן אלטנייַלאנד. ליטוואק ערקלערט זיינע הערער, אז די הצלחה פון אלטנייַלאנד דארף מען פארדאנקען ניט נאר דעם שווייס און בלוט פון די קאלאניסטען אליין, נאר אפשר נאך מעהר דער אלגעמיינער וועלט־קולטער, וועלכע האט שוין פריהער אין פארשידענע ערטער פון דער וועלט צו געגרייט התחלות צו א

נייער ארדנונג און צו א נייעם סארט געזעלשאפטליכער איינריכטונג. מע האט אונז אויך פריהער צוגעגרייט אלע חכמות און המצאות ווי עלעקטריטשעסטווע און איהרע איינריכטונגען. מיר האבען נאר געהאט דאס אלעם צונויפצונעמען אין איינעם, אויף אלערליי אופנים אויסצונוצען און דורך דעם זיך שאפען א גליקליך לעבען אין אונזער גליקליך לאנד מיר מוזען דעריבער דאנקבאר זיין דער מענשענהייט און טארען בשום אופן זיך ניט אבשליסען און פארשפארען אין איין ענג רעמעל פון אונזער געזעלשאפט אליין. מיט די ליפען פון דוד ליטוואק האט דא דער מחבר ארויסגעזאגט זיינע אייגענע געדאנקען, און זיין אידעאל וועגען דעם פארהאלטען זיך פון דער קינפטיגער יודישע געזעלשאפט צו דער וועלט איז ווירקליך דעו אידעאל פון אלע בעסערע יודען, דער אידעאל פון אונזערע הייליגע נביאים.

XXVIII.

פון ניידארף איז אונזער עולם שוין געפאהרען גלייך קיין טבריה צו דוד'ס עלטערן.

די אלע מערקווירדיגקייטען, וואס זיי האבען באגעגענט אויפ'ן וועג און וואס זיי האבען געזעהן אין טבריה איז גאר ניט איבערצוגעבען. אלטניילאנד איז ניט נאר א גן־עדן דורך זיין רייכע נאטור, ניט נאר א וואונדערליכער לעבענס- און געזונטס־ווינקעל דורך זיין רייכער פרישער לופט און וואונדערליכע בעדער — אלטניילאנד איז נאך דערצו דאס קלוגסטע און געבילדעטסטע לאנד אין דער וועלט, פון וואנען סע שיינט ארום א גרויסע זון פון וויסענשאפט אין אלע בראנשען, אנגעהויבען פון מעדיצינישע קליניקען און באקטעריאלאגישע אנשטאלטען ביז ארכיטעקטור און שענע קונסט. מיט איינעם ווארט: אלטניילאנד איז דער מקור פון ברכה און גליק פון דער גאנצער מענשהייט.

נאר ווי אזוי איז דאס אלעם געווארען? ווי אזוי האט דאס צעזייטע און צעשפרייטע פאלק דאס אלעם צו שטאנדע געבראכט און דערצו נאך אין אזא קורצער צייט פון צוואנציג יאהר? אט אויף דער שאלה האבען אונזערע אינזעל-געסט בעקומען א קלארע תשובה ביים סדר אבריכטען ביי ליטוואקס עלטערן אין שטוב. נאך דער געוואהנליכער הגדה מיט דעם געוואהנליכען סדר, וועלכער קומט אויס נאטירליך אביסל פרייהליכער ווי אונזערע סדרים אין גלות, וואס יעדער יודיש הארץ מוז א ציטער געבען ביי דעם איינעם געדאנק גאר, אז מארגען איז מען ניט זיכער מיט'ן לעבען — וויפיעל יודיש בלוט איז שוין פארגאסען געווארען אין די פסח־טעג אדער תיכף נאך פסח זינט מיר זענען אין גלות! — נאך דעם פרייהליכען סדר פון יציאת מצרים האט מען אונזערע געסט ביי ליטוואקען אין שטוב מכבד געווען מיט א נייער הגדה — די הגדה פון יציאת-איירפא.

אין א גראמאפאן איז געוועזן איינגעזעצט א רעדע פון יאזעף לעווי, דער הויפט־פיהרער פון אלע געשעפטען פון דער נייער געזעלשאפט, דער גרינדער און בעשאפער פונ'ם יודישען ישוב אין ארץ־ישראל; מיט איינעם ווארט: די נשמה און דער גייסט פון גאנץ אלטניילאנד, וועלכער פארמאגט א זאך, ווי שטיינעק זאגט, וועלכע איז זעלטענער פון גאלד, זעלטענער פון פלאטין, זעלטענער פון אוראק, זעלטענער פונ'ם זעלטענסטען אין דער וועלט — א פראסטען געזונטען מענשען־פארשטאנד.

יאזעף לעווי איז אצינד אין מארסעל, וואוהין ער איז געפאהרען אנקוקען א נייע מאשינע, פון דארט וועט ער מסתמא פאהרען קיין אמעריקא אדער ערגעץ אנדערש.

ביי לעווי'ן וועט איהר איבערהויפט ניט וויסען, וואו ער וועט זיין מארגען, ער פליהט שטענדיג ארום ווי א וויכער פון איין עק וועלט אין דעם אנדערען, און איז תמיד דארט וואו מע דארף איהם. קיינמאל גארניט פארשפעטיגט, קיינמאל קיין זאך ניט פארשלאפען.

לעווי לויפט ניט נאך דעם כבוד און חאטש ער וואלט געקאנט זיין פרעזידענט אין אלטניילאנד, ווייל ער איז די פאפולערסטע פערזענליכקייט דארט? וויל ער אבער ארבייטען און גליקליך מאכען זיין פאלק. עס רוהט דעריבער ניט קיין רגע און האלט אין איין בויען די יודישע מדינה ביז זי וועט זיין די גרעסטע און די שענסטע אין דער וועלט. פרעזידענט איז דער אלטער, עהרליכער דאקטאר אייכענשטאם.

ליטוואק האט אנגעצינדען דעם גראמאפאן און די קלארע שטימע פון יאזעף לעווי האט זיך געלאזט הערען:

„מיינע געעהרטע צוהערער!

איהר ווילט איך זאל אייך דערציילען די מעשה פון דעם יודישען בעזעצען זיך אין ארץ־ישראל. די גאנצע זאך איז זעהר פשוט. קיין פאליטיקער בין איך ניט געוועזן, און וועל אויך ניט זיין. איך האב נאר געהאט איין אויפגאבע, וועלכע איך האב גליקליך אויסגעפיהרט. מיר האבען לכתחלה געגרינדעט אונזער געזעלשאפט אונטער'ן נאמען: „נייע געזעלשאפט צו קאלאניזירען פאלעסטינא". די געזעלשאפט האט געשלאסען א קאנטראקט מיט דער טערקישער רעגירונג וועגען בעזעצען יודען אין ארץ־ישראל. די תנאים פונ'ם קאנטראקט זענען אצינד בעקאנט פאר דער גאנצער וועלט. בעת מע האט מיך פאר'ן אבשליסען דעם טשארטער געפרעגט, צי מיר וועלען אימשטאנד זיין אבצאהלען אלע יאהר די גרויסע סומע, וואס מיר האבען זיך אונטערגענומען אקעגען דער טערקישער רעגירונג, האב איך אהן שום ספק געזאגט: יא! מיר האבען געדארפט דער טערקישער רעגירונג תיכף ביים קאנטראקט אנידער לעגען צוואנציג מיליאן רובל מיט א מאל און א פיערטעל פון אונזער ריינעם פארדינסט. דאס אלעם אין א משך 30 יאהר. נאך די 30 יאהר אבער טיילען מיר זיך מיט דער טערקישער רעגירונג מיט'ן גאנצען ריוח אין גלייכע טיילען. אבער די רעגירונג האט א ברירה צו בעשטימען אלס איין אייביגע אבצאהלונג די סומע פון א דורכשניטליכער יאהר־אבצאהלונג פון די לעצטע צעהן יאהר. פאר דיעזע אבצאהלונגען בעקומען מיר די גאנצע פארוואלטונג אין די ישובים און די אייבערשטע הערשאפט געהערט דעם סולטאן..."

איך קאן דא ניט איבערגעבען די גאנצע רעדע פון יאזעף לעווי, חאטש זי איז זעהר אינטערעסאנט, ווייל אין איהר זעהט מען ווי אזוי הערצל שטעלט זיך פאר די אויספיהרונג פון זיין פלאן. בקצור וועל איך נאר זאגען, אז אין דעם פלאן איז אלעם אויסגערעכענט ביז'ן מינדסטען. די הויפטפרינציפען אבער זענען: שטרענגע ארגאניזאציע, וועלכע גיט די מעגליכקייט די שווערסטע זאכען דורכצופיהרען אין דער קורצעסטער צייט, אונבעדינגטע דיסציפלין אין דער פארטיי, א דאנק וועלכער די פיהרערשאפט בעקומען א גאנצע ארמיע מיטהעלפער אהן שום הוצאות און די ברייטעסטע אויסנוצונג פון אלע נייעסטע המצאות, אלע בעסטע טעכנישע מיטעל, וועלכע קאסטען אויפ'ן

ערשטען קוק זעהר טייער, באלד אבער שטעלט זיך ארויס, אז וואס טייער איז וואלוויל.

אט אויף דעם באזיס ארגאניזירט זיך די ארבייט. א צענטראלע ביורא פיהרט אלע געשעפטען, פארטיילט אבער די ארבייט אין עטליכע טיילען אונ גיט יעדען אפ זיין ספעציאלנאסט פר״י אין די הענט צו טון אזוי ווי זיין שכל טראגט. א בעשטענדיגער טעלעגראפען־דיענסט פאראייניגט די פארשידענע ביורא׳ס מיט דער צענטראלע אונ אין יעדער מינוט ווייסט מען מיט אלע פייטשעווקים, וואו מע האלט אין דער ארבייט. אין יעדער מינוט קאן דאס ביורא גענוי אנווייזען. וועלכע פלעקען ערד איז שוין בעזעצט, וואסער א צאהל מענשען זענען שוין אין לאנד אונ וואסער א צאהל אונטערוועגס אונ וואו זיי געפינען זיך. אין יעדער רגע קענט איהר זעהן אין ביורא, וועלכע אנשטאלטען זענען שוין אויסגעבויעט, וועלכע האלטען אין מיטען ארבייט אונ וועלכעס מאטעריאל שווימט נאך אינטערוועגס אונ וואו סע געפינט זיך אצינד. דאס אלסדינג איז גרויסארטיג בערעכענט אונ דורך בעזונדערע לאנד־קארטען אויף אזא אופן איינגעריכטעט, אז די גאנצע ריעזען־ארבייט קאן איבערבליקט ווערען ווי א פלאן פון א דירה.

די ביורא׳ס זענען פארטיילט אויף אזא אופן: פאר פערזאנען־טראנספארט אונטער דער אויפזיכט פון הערן סמיט; פאר פראכטען אונטער ריבענץ; פאר ארחיטעקטור אונטער שטיינעק; פאר מאשינען־איינקויפען אונטער ווארשאווסקי; פאר ערד־קויפען אונטער אלאדינא; פאר פראוויאנט אונטער קאהן אונ ברוינשטיין; פאר סעמענעס אונ בוימפלאנצונגען אונטער הארבורגער. לעאנקין האט געפיהרט די חשבונות אונ וועלנער דער גלאוונע סעקרעטאר. אלע ציוניסטען אונ ציוניסטישע אגודות פון דער גאנצער וועלט זענען די אגענטען פון דער געזעלשאפט.

דעם טשארטער איז מען ניט באלד מודיע דער גאנצער וועלט, אדרבא מע האלט איהם בסוד אונ מיט דער טערקישער רעגירונג נעמט מען אויס, אז א געוויסע צייט זאלען נאך בלייבען אלע גזרות, וועלכע מאכען שווער דאס אריינפאהרען קיין ארץ־ישראל. דאס אלעס כדי ניט אנצומאכען קיין מהומה פאר דער צייט, סע זאלען זיך ניט אנלויפען קיין טויזענטער פאמיליעס איידער מע איז צוגעגרייט זיי אויפצונעמען, אונ כדי די אראבער זאלען ניט צופיעל פארטייערן די פרייזען פאר דער ערד.

דאס ערשטע שיקט לעווי אלאדינאן קיין ארץ ישראל. דער אלאדינא איז א העכסט קלוגער אונ פארשטענדיגער יוד, פארשטעהט גוט אראביש אונ גריכיש אונ מע איז דעריבער זיכער, אז ער וועט זיך ניט לאזען פארפיהרען אפילו פון די שפיצינגסטע מעקלער׳ס.

צו דער זעלבער צייט פאהרט הארבורגער קיין אויסטראליא איינצוקויפען די אייקאליפטוס־בוימער אויף געזונט צו מאכען דעם אויר אונ אויסטרוקענען די בלאטעס. ווי אונ וויפיעל ער האט איינגעקויפט, האט ער אלע טאג געמוזט מודיע זיין ריבענץ, וועלכער איז געווען ממונה אויף די פראכטען.

ווארשאווסקי׳ן האט ער געשיקט קיין אמעריקא איינקויפען פון אלערליי מאשינען. ווארשאווסקי איז געווען איין אויסגעצייכענטער אינזשעניער אונ אז לעווי האט איהם אנגעזאגט ביים אבפאהרען: „קויפט גאר ניט קיין אלט אייזען!" האט ער פארשטאנען וואס מען מיינט.

ווארשאווסקי האט נאך געהאט אין אמעריקא נאך א פקודה, ער האט געדארפט פון דארטען אומקעהרען קיין פאלעסטינא די איינגעוואנדערטע יודען פון מזרח־אייראפא. לעווי האט מיט רעכט גערעכענט, אז די יודען וואס זענען שוין אויסגעשטאנען איין עמיגראציע איינמאל וועלען מעהר פעהיג זיין צו דער נייער עמיגראציע. ווארשאווסקי האט דעריבער אין אלע ערטער מיט הילף פון די ציוניסטישע אגודות, געקריגען ליסטען פון געלערנטע אונ פראסטע ארבייטס־קרעפטען, אין וועלכע ס׳איז געשטאנען גענוי דער נאמען, די יאהרען, דאס ארט וואו ער איז געבארען, די ביזהעריגע בעשעפטיגונג, וויפיעל נפשות אין דער פאמיליע, וואס פארמאגט ער אצינד.

די ציוניסטישע אגודות האבען עס רעקאמאנדירט די קאנדידאטען אונ די מאראלע פאראנטווארטליכקייט פאר זיי געטראגען — דאס ווירעט דער מחבר אונטער עטליכע מאל, דערמיט וויל ער אנמערקען אויף וואס סע טויגען נאך זיין מיינונג די ציוניסטישע אגודות אונ וואס פאר א ראלע זיי דארפען שפילען אין דער געשיכטע פון שפעטער. די אגודות דארפען זיך אלזא בייצייטענס שוין זעהן פארזארגען מיט די נייטיגע ידיעות אונ וויסענשאפטען, כדי זיי זאלען קענען זייער זאך טון בשלימות — ניט ווי אונזערע אגודות היינט פארברענגען די צייט מיט פוסטע חקירות אונ ווינד־פילוסופיא!

ארחיטעקט שטיינעק איז דערווייל אויך אוועקגעפאהרען קיין פאלעסטינא אום זיך נעמען צום אויפבויען די נייטיגע בנינים, זיין רייזע מאכט ער דורך שוועדען פינלאנד, וואו ער קויפט איין ביליג האלץ, דערנאך דורך דייטשלאנד אונ עסטרייך — דארט קויפט ער אייזען — אונ אלע זיינע בעשטעלונגען גיט ער איבער ריבענץ צו בעזארגען עס קיין פאלעסטינא.

ריבענץ ווידער מאכט דערווייל אב מיט באהנען אונ פאראחאדיסטוועס, אז מע זאל רעכענען ביליגע פראכטען. ער מאכט אויסערדעם קאמבינאציעס מיט געבראכענע טאריפען אונ פארדינט דורך דעם אי געלד אונ ביליגער פארפראכטונג, אי צייט דורך גיכער צושטעלונג פון די סחורות קיין ארץ־ישראל.

מיט איינעם ווארט יעדער פון די ספעציאליסטען פיהרט זיין זאך אונ אזוי ווי אלע ארבייטען מיט ענערגיע אונ אנגעוואפענט מיט די וויסענשאפטען אונ המצאות פון דער לעצטער צייט, געהט די ארבייט ריזען־טריט פארווערטס אונ אין ארץ־ישראל בעקומען מיר א ישוב, וועלכער איז באמת דאס לעצטע ווארט פון קולטור אונ מענשליכע ערפינדונג.

סע שטעלט זיך נאכדעם ארויס, אז די חשבונות זענען אויך ריכטיג געווען. דאס הייסט, אז די גרויסע אויסגאבען, וואס לעווי אונ זיינע חברים האבען פריהער אויסגעבראכט אויף די אלע איינריכטונגען אונ אויף ארגאניזאציע, האבען תיכף שוין אנגעהויבען צו טראגען פירות אונ די נייע געזעלשאפט האט באלד אנגעהויבען פארדינען א סך געלד.

דער גאנצער פלאן אונ די ארגאניזאציע איז א גרויסקאפיטאליסטישע. די „נייע געזעלשאפט" איז דער אונטערנעמער, דער פאבריקאנט אונ די גאנצע מאסע איינוואנדערער זענען די פועלים וועלכע בעקומען איינגענטליך נאר טאג־לוין, די געזעלשאפט צאהלט פון איהרע רווחים אב דעם סולטאן, וואס איהם קומט לויט קאנטראקט

און דאס איבעריגע דארף זי פארטיילען אלץ דיווידענד איהרע אקציא־נערען.

נאר די עמיגראנטען ווערען אבער איינגעריכטעט אלץ ארטעל צווישען זיך און מיט דער צייט קויפט דער ארטעל אב אלע אקציעס פון דער נייער געזעלשאפט דורך איין אנלייהע, וואס דער ארטעל מאכט און אזוי ארום געהט די נייע געזעלשאפט איבער פון דער פארם פון א פריוואטער אקציען־געזעלשאפט אין די פארם פון א סאציאל־פאליטישער חברה.

(ענדע קומט).

משה קליינמאן.




## I. אלגעמיינע נייעס.

— אין כריסטיאנא (נארוועגען) האט מען בעשלאסען צו צונעמען מיידלעך אויך אין די קורסען פון דער האנדעלס־אקאדעמיע.

— אין ניקאלאיעוו (חערס. גוב') איז פראיעקטירט געווארען צו מאכען א פרויענלעהרער סעמינאריום.

— דער פעטערבורגער פעראיין צו שיצען פרויען האט בעשטימט צו בויען עקסטרא הייזער אויף צו נעכטיגען פאר פרויען, וואס האבען נישט קיין וואהנונגען, כדי צו בעשיצען אויף זיי, אז זיי זאלען נישט אריינפאלען צו שלעכטע מענשען. אויך איז זיך דער איינענער פעראיין משתדל מען זאל נישט צונעמען קיין פרויען אלס זינגערינען אין די רעסטאראנען און די נערטנער.

## II. יודישע נייעס.

דער בערלינער „הילפס פעראיין פון די דייטשע יודען" האט איינבערופען אויף דעם 15 און 16 סעפטעמבער א קאנגרעס קיין לעמבערג צו בעראטען וועגען דעם האנדעל מיט מיידלעך, רבנים וועלען אויך זיין אויף דעם קאנגרעס.

---

# פרויען־מלוכה.

קאן זיין א בעסערע, איין עהרליכערער ציעל פאר א פרוי, וואס האט ליב כבוד, ווי צו שטרעבען צו זיין קעניגין אין דעם אייגענעם הויז און בעניצענדיג זיך מיט די דאזיגע הערשאפט מאכען גליקליך די מענשען, וועלכע זענען ביי איהרע טייער און ביי וועמען זי איז טייער ?...

חאטש אין דער היינטיגער געזעלשאפט הערשען נאך אסך מיינונגען, אז מען דארף די פרוי נישט געבען די אייגענע רעכטען וואס דער מאן האט, פונדעסטוועגען וועט זיך נישט געפינען כמעט איין איינציגע פרוי, מעג זי זיין מי יודע ווי אראבגעפאלען ביי זיך, וואס זאל נישט שטרעבען אדער לכל הפחות ווינשען מיט דעם גאנצען הארצען, צו זיין די הערשערין אין הויז, כדי צו שטעלען צופרידען איהר פאמיליעע.

ווי פראסט, ווי איינפאך די וואהנונג זאל נישט זיין — קאן די פרוי אריינטראגען אין איהר הויז גאר איין אנדער לעבען. זי מאכט ווייך דאס הארץ פון אלע וואס זענען אין שטוב און מונטערט זיי אויף צום גוטען.

די פנימלעך פון די קינדער, וועלכע האבען א צערטליכע מוטער און דעם מאגס אויגען, וואס טונקען זיך אין די פרוים ליבע, לייכטען צופרידען און גליקליך, און די דאזיגע ליכטיגע, כסדר'דיגע ווירקונג פון די מוטער אויף די קונדער ווערד קיינמאל נישט פארשוואונדען. דאס בעהאלט זיך אין זייער זכרון אויף דאס גאנצע לעבען, סאי ביי א גליקליך לעבען אדער, חס ושלום, ביי איין אומגליקליך לעבען.

דער הויפט־ציעל פון דער פרוי דארף זיין צו בעשאפען דאס גליק אין הויז, דערצו האט איהר די השגחה בעשטימט. פאר די פרוי איז דאס דער איינציגער וועג צו דערגרייכען איהר אייגען גליק. בחנם זוכט זי איהר גליק אויף ערגעץ איין אנדער וועג: זי וועט עס קיינמאל נישט געפינען אויף די גרויסארטיגע בעלער, וואו אלע געסט ווערען פון איהר נתפעל, נישט אין די קאמפלימענטען, מיט וועלכע די הערען בעשיטען איהר, וואס דאס איז נאר בלויס חנופה און אין הארצען לאכען זיי זיך אויס פון איהר.

די פרוי דארף זיך בעמיהען, אז נתפעל ווערען פון איהר זאל דער אייגענער מאן און די אייגענע קינדער און נאר פון זייערע ליפען דארף זי וועלען הערען ווי מען לויבט איהר. ווייל אזא לויב קומט פון טיעפסטען ווארמסטען הארץ. נאר די הויפט־ארבייט פון דער פרוי איז נאך נישט צו ליבען און ווערען געליבט; עס ליגט אויף איהר נאך איין אנדערער, א גרעסערער חוב — צו זיין נוצליך דער פאמיליע.

דאס לעבען פון דער פרוי, וואס זארגט נאר פאר זיך אליין און וויל גאר פאר א צווייטען נישט טון, פארטראגט זיך נישט מיט אמת'ער ליבע און טרייקייט. א פרוי מיט איין ארענטליכען חאראקטער, מיט העכערע געפיהלען דארף וועלען, אז אין איהר מלוכה, וואס איז איהר אזוי טייער, זאל אלץ בליהען, אלץ זאל זיך פיהלען גליקליך. נאר זי קאן עס אנדערש נישט דערגרייכען סיידען זי אליין פיהרט די גאנצע ווירטשאפט און פארלאזט זיך נישט אויף פרעמדע נישט קיין פראקטישע מענשען. דער שטורם פון לעבען וועט פון איהר מלוכה מאכען דאס אייגענע, וואס דער שטורם פון ים מאכט מיט דער שיף, וואס האט נישט קיין גוטען קאפיטאן.

ענדע קומט.

מלכה גאלדמאן.




רעדאקטאר: מ. ספעקטאר.
פערלאג „פאלקסבילדונג".

Herausgeber Verlag Volksbildung. Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau. Druck v. S. L. Deutscher Podgorze b. Krakau

## פון דער אדמיניסטראציע.

ה' **יוסף באביטש** פון פרוזשאני איז איין אגענט-רייזענדער פון „תושיה" אונ נעמט אן אבאנענטען אויף די „יודישע פאלקס-צייטונג", „עולם קטן", „ביבליותיקא עברית" און אויף אלע ספרי „תושיה".

---

# לשנת **תרס"ד** הבע"ל

אברך את בעלי בריתי בברכת שמים מעל...

**Я. Найдичъ, Варшава.**

250

---

ספר חדש הנכבד ללומדי הספרות הרוסית!!

СОТРУДНИКЪ ГИМНАЗИСТА.

Пособіе при изученіи русской словесности образцы и планы литературнаго характера. Цѣна1 руб., во всѣхъ книжн. торговляхъ. Складъ изданія. Типографія І. ЛУРЬЕ. С.-Петербургъ Гороховая ул. 48. 3—3

---

עס דרוקט זיך:

# דער זאמעל-בוך: „הילף"

די גאנצע הכנסה פון זאמעלבוך וועט געהן פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב.

**פרייז 1 רובל מיט פארטא.**

רעדאקציע „יודישע פאלקסצייטונג".

---

אין גיכסטען וועט צעשיקט ווערען די אבאנענטען פון די „יודישע פאלקס-צייטונג" דער

## צווייטער באנד

פון

## „שלום-עליכם'ס אלע ווערק".

אינהאלט.

מעשות פאר יודישע קינדער:



I. חנוכה געלד,
II. אחשורוש,
III. פארשטערטער פסח,
IV ל"ג בעומר,
V. די פאהן,
VI. ראבטשיק,
VII. מתושלח,
VIII. דער זייגער,
IX. סענדער בלאנק (ערצעהלונג).

---

**„אגאטאל"-גורסקי, ווארשא, לעשנא № 4**

דאס בעסטע מיטעל צום רייניגען די צאהנער,

פערהיטעט זיי פון פוילען אונ ווייטוג אין בלעכענע שעכטיל צום פרייז 20 קאפ' אונ 30 קאפ'. פארדערן איבעראל. (125)

---

# לעזט און הערט דעם אמת!!



אלע אנאנסירטע ברוכבענדער מיט עלעקטריע היילען נישט אוים קיין שום ברוך. דאס גוטיגקייט פון איינען ברוכבאנד איז נור ער זאל פעסט איינהאלטען דעם ברוך און נישט דריקען דעם קערפער.



זאלכע פערפערטיגט אין אייגענער פאבריק וועלכע איז בעהערט געווארען מיט מעדאילע פון דער דאקטארסקע אויסשטעלונג



**Д. Мошковскій, Варшава**

Налевки № 37

(135) 50—28

---

# הקשת

### ירחון-מצויר לעניני החיים, הספרות והאמנות.

### ערוך בידי **יוסף ליאן**

ויוצא לאור בברלין בהשתתפות טובי הסופרים, החכמים והאמנים העברים במזרח ובמערב, וביניהם גם: ראובן בריינין, דר. ש. ברנפלד, ח. נ. ביאליק. ל. ברוכביץ, בן-יהודה, מרטין בובר, גרשום באדר, ש. ל. גרדן, עזרא גולדין, דר. ע. גינציג, א. מ. גנצר, דר. תיאודור הרצל, מ. מ. הורוויץ נ. טורב, דוד טריעטש, שאול טשרניחובסקי, פרופ. יהושע ליאון, מ. ל. ליליענבלום, א. ליבושיצקי, אפרים משה ליליען, ליפמן לעווין, ברון פאן מינכהויזען, דר. מקס נרדוי, דר. אלפרד נוסיג, דר. נחום סלושץ, דוד פרישמן, ברטולד פייוועל, נ. פינס, דר. צבי פרבשטיין, מורה האוניברסיתה דר. ישראל פרידלנדר, דר. תיאודור צלאציסטי, הלל צייטלין, ש. ל. ציטרון, דר. יוסף קלויזנר, משה קליינמן, פרופ. רוזנבערג, דר. י. רנצר, י. רבינוביץ' יהודה שטיינברג, הצירים הרמן שטרוק, לסר אורי, ל. פיליחובסקי' ש. הירשנברג ועוד ועוד.

הירחון החדש „הקשת" ישאף להספיק את התביעות והדרישות התרבותיות, העבריות והאנושיות, של היהודי בן-דורנו; להרים את רוח הקהל העברי ולשכלל את טעמו הספרותי; להפיץ ולפתח במחננו את דעת האמנות ורגש היופי; להאדיר ולהגביר את רוח התחיה והתקומה הלאומית בכל צדדיה וגוניה.

### תכן-הענינים אשר יבואו ב„הקשת":

א) סקירות כוללות על כל החזיונות הנכבדים והחדשים בחיים העברים והכלליים, העומדים או הראוים להעמד על הפרק.

ב) „הקשת" תאיר על המחזות, השאיפות והזרמים הספרותיים בישראל ובעמים; כמו כן תבאנה מעת לעת מסות-ספרותיות (איסיים) ע"ד מקצועות שונים בספרות, אמנות ומדע ועל אדות חכמים, סופרים ואמנים עברים ולועזים. בפרק הזה גם יעירו את הקוראים על ספרים ועתונים חדשים בספרות שונות.

ג) פרקים באמנות: בציור, פסול, בנאות, השירה והזמרה, חזיונות בתי-המשחק בישראל ובעמים.

ד) ציורים ותמונות מגדולי הצירים והאמנים, מנגינות לשירים עברים-לאומיים, הנאותים גם לשיר במקהלות ובאגודות.

ה) חלק הספרות היפה: 1 ספורים, ציורים, הומרסקות, שרטוטים ורשמי-מסע; 2 שירים; 3 בדיחות וחדודים, פתגמים ומכתמים.

ו) מאמרי מדע פפלריים, פרקים בחינוך הגוף והרוח.

ז) ידיעות שונות

„**הקשת**" נוסדה על בסים חמרי נאמן ונבון, המבטיח את קיומה מראש. מחירה רק: 7 מרק או 3.50 רו"כ לשנה; 3.50 מרק או 2 רו"כ לששה ירחים; 2 מרק או 1 רו"כ לרבע שנה. ובערך זה גם לשער כספים האחרים.

**למוכנים הנחה הגונה.**

(247) כתבת „הקשת": 3—3

LEWENT'sche Buchdruckerei, Verlag des **Hakescheth**, Berlin, Lindenstr. 93.

אפשר לחתום על „הקשת" גם ע"י הפוסטה. וע"י כל בתי מסחר הספרים הגדולים. ברוסיה אפשר לחתום על „הקשת" גם ע"י בימ"ס הספרים של מר חיים יעקב שעפעל בקיוב. כתבתו כשמו.

# בְּשׂוֹרָה נְעִימָה!

## צֵאת לְאוֹר סֵפֶר תּוֹלְדוֹת יִשְׂרָאֵל מְצֻיָּר!

לְלַמֵּד אֶת יַלְדֵי בְּנֵי יִשְׂרָאֵל אֶת הַהִיסְטוֹרְיָה הַבִּבְלִית עִם קִצּוּר דִּבְרֵי יְמֵי עַמֵּנוּ עַד חֲתִימַת הַתַּלְמוּד, בִּשְׂפַת עֵבֶר עַל טָהֳרַת הַקֹּדֶשׁ עִם תַּרְגּוּם רוּסִי, מֵאֵת הַבַּלְשָׁן הַנּוֹדָע הַמְדַקְדֵּק וְהַמְבָאֵר הר' יִצְחָק ווארשאווסקי, שֶׁרַק הַהִיסְטוֹרְיָה הָעִבְרִית הַזֹּאת לְבַדָּהּ מְאֻשֶּׁרֶת מִטַּעַם הַמֶּמְשָׁלָה בְּתוֹר סֵפֶר לִמּוּד הַהִיסְטוֹרְיָה הַבִּבְלִית (УЧЕБНИКЪ по Библейской Исторіи) יָצָא לָאוֹר בְּתַבְנִית מְפֹאֶרֶת עַל נְיָר יָפֶה וּדְפוּס יָפֶה נֶחְמָד לְמַרְאֶה, עִם צִיּוּרִים רַבִּים מְהֻדָּרִים וְעִם הוֹסָפוֹת וְתִקּוּנִים וְהֶעָרוֹת כְּרוֹנוֹלוֹגִיּוֹת וּבֵאוּרִיּוֹת בִּשְׂפַת רוּסְיָה מֵאֵת הַמְחַבֵּר, לְמַעַן אֲשֶׁר יִמְצְאוּ בוֹ תּוֹעֶלֶת רַבָּה מֵבִין עִם תַּלְמִיד. וְאַף כִּי הַהוֹצָאָה הַזֹּאת עָלְתָה בְּדָמִים מְרֻבִּים מְאֹד, עַכּ"ז קָצַבְנוּ אֶת מְחִיר הַסֵּפֶר רַק 60 קָאפּ', עִם פָּארְטָא 75 קָאפּ' וְע"י נַאכְנַאהמֶע 85 קָאפּ'. לְסוֹחֲרֵי סְפָרִים וּלְבָתֵּי סֵפֶר רִבּוּי הַנָּחָה.

אדרעסע: 232 12—11

**Книжный магазинъ Братьевъ Блетницкихъ въ Одессѣ.**

---

## 1000 ביז 2000 רובל זייטיגע הכנסה יעדעס יאהר

קען האבען יעדער, וועלכער פאר 600 ביז 600 רובל (מען קען אויס-צאהלען אין ראטעס) שאפט זיך איין פון אונז א מאשינע מיט א בע-שרייבונג, וועלכע לערנט אויס ווי איינצוארדענען א זאוואד אליין אהן שום הילף פון איין אנדערן און אהן שום לערנען פאר דעם, ווי צו מא-כען אלערליי סארטען געטרענקע פון פרוכט, יאגדעס, סעלטערס און אנדערע מינעראל-וואסער, פערשידענע קוואסען, פראנצויזישע געטרענ-קע און וויין: סידר, שאמפאניער, אריענזישען א. ד. ג. — דעם חשבון וואס דאס דארף קאסטען אין פאלשטענדיגען פראקטישען פרייז קוראנט מיט אילוסטראציעס שיקט ארויס פאר צעהן זיבענקאפעקעדיגע פאסט-מארקען די פאבריק פון מאשינען: 6—2 (237)

Фабрика машинъ ИППО и Ко. въ Варшавѣ,
Грибная ул, собств. домъ № 15н.

---

Оптическо-Хирурги-ческой складъ
И. ПИКЪ
Налевки 35 Варшава

ברוכבענדער עלעקטרא-גאלוואנישע מיט גומי פעלאטין, וועלכע האלטען גענצליך איין דעם בויך און דריקען נישט דעם קערפער. ברוך- און בויכבענדער פיר פרויען, עלאסטישע גומי-שטרימפפע פיר געשוואלענע פיס, גארסעטען פיר גארבאטע, קינסטליכע פיס און הענד, שטוצנע אויגען, ברילען מיט בעלגישע גלעזער פיר קורצע און שוואכע ראיה, ווי אויך אללע אפטישע און חירורגישע אר-טיקעל אין גרויסען אויסוואהל צו זעהר ביליגע פרייזען עמפפעהלט אפטיק

**י. פיק, נאלעווקי 35 ווארשא.**

אלקווערד צו געפאסט דורך ספעציאליסטען

234 25—9

## היימישע מיטטאגעז!

צו מעסיגע פרייזען, אויך פער-שיעדענע צייטונגען צום לעזען ביי

**אהרן משכיל-לאיתן**

ווארשא, גענשע 13, וואהנונג 7, אין טהויער, 2 שטאק. 50-24 (192)

---

# ווינש-קארטען (לשנה טובה)

## עם ציורים מציון!

פראכטפאללע ארבייט! 20 סארטען ווינש-קארטען (פאסט-קארטען) מיט פערשידענע שענע בילדער מארץ הקדושה. פרייז פאר א קאלעק-ציאן פון 20 שטיק מיט פארטא 50 קאפ. סוחרים און ציוניסטישע פעראיינען בעקומען גרויסען ראבאט.

אויך געפינט זיך א פרעכטיגער אונגעהייער גרויסער אויסוואהל פערשידענע שענע סארטען אויסלענדישע ווינש-קארטען, אנטיקען אונגעהייער ביליג! פאר 5 רובל בעקומט מען א פאלשטענדיגע קאלעק-ציאן ווינש-קארטען (ווייניגער פון 2 רובל ווינש-קארטען ווערט מיט קיין נאכנאהמע ניט געשיקט, ביז 1 רובל קען מען שיקען מיט פאסט-מארקען) אלע בעשטעלונגען ווערען ערפילט „שנעל און פונקטליך גוט און ביליג".

## קארטא פאלעסטינא.

דיזע קארטע ענטהאלט: אללע שטעדט, שטעדלעך, טייכען, טייכלעך, אלע אלטע און נייע קאלאניעס, צייגט אן: די גרענעצען פון די שבטים, וויפיעל מענ'שען יעדע קאלאניע האט און וויפיעל ערד יעדע קאלאניע בעזיצט א. ד. ג. דיזע קארטע איז פראכטפאל שען געדרוקט אין 8 שענע פארבען, פרייז 40 קאפ. סוחרים און ציוניסטיש-פעראיינע בעקומען גרויסען ראבאט, (ווייניגער פון 5 קארטעס ווערען מיט קיין נאכנאהמע ניט געשיקט).

233 אדרעססע: 12 11

Книжный магазинъ Братьевъ Блетницкихъ въ Одессѣ.

---

איינציגע ברוכבענדער, וועלכע היילען גרינדליך נאך קורצעם געברויך זינד נור „אלעקסאנדערס"



## נייעס!! נייעס!!

### ברוכבענדער עלעקטרא-גאלוואנישע

היילען גרינדליך נאך קורצעם געברויך, און נאך 3 מאנאטליכען טראגען ווירד דער ברוך גענצליך אויסגעהיילט. זיי האלטען גוט איין דעם בויך און דריקען נישט דעם קערפער, וועהרענד אהנע עלעקטריע איז דאס אונמעגליך. בויכבענדער פיר פרויען, עלאס-טישע גוממי שטרימפפע פיר גע-שוואלענע פיס, ברילען מיט ווענעציאנישע גלעזער, וועלכע שטערקען די אויגען, אפאראטע פיר העמערוידען, אויך אנדערע כירורגישע און אפטישע ארטיקעל עמפפעהלט צו פאבריקס פרייזען די לאנג יעהריגע פירמא

**Хирургическо-Оптическій магазинъ**
подъ фирмою **Александеръ**
Сенаторская 22, Варшава

דא עס האט זיך געצייגט אז מען מאכט נאך אונזערע ברוכבענ-דער, ביטען וויר אויפמערקזאם צו זיין אויף די אריגענאלע מיט'ן סטעמפעל פון אונזער פירמא.

וויר בעזיצען הונדערטע דאנקשרייבען פון די יעניגע וואס האבען געטראגען אונזערע ברוכבענדער.

ביי בעשטעלונגען פער פאסט דארף מען נור איינשיקען דאס מאס פון קערפער הערום. — פרייז 1 זייטיגע 6 רובל, 2 זייטיגע 10 רובל. 149 50 18

די פירמא עגזיסטירט זייט 1885 יאהר.

---

**Интересный и наилучшій подарокъ себѣ и знакомымъ.**

Не дорого и красиво и каждому доступно воспользоваться этимъ случаемъ. **Только за 1 р.** мѣдная надверная доска, красиво гравированная (имя, отчество и фамилія заказчика) черной эмалью, весьма красиво и изящно отдѣланная и отполированная. Имѣется также большой выборъ усовершенствованной домашней типографіи по самымъ дешевымъ цѣнамъ. Каждому доступно подарить себѣ и дѣтямъ, можно самимъ составить разные тексты. Мастерская также изготовляетъ всевозможные каучуковые штепеля, сургучныя и рельефныя печати, по умѣреннымъ цѣнамъ.

**Пріѣзжимъ мастерская изготовляетъ заказы въ продолженіи 2 часовъ.** Иногороднимъ высылается налож. платежомъ **на 35 коп. дороже.**

Адресовать:

**Варшава, мастерская штемпелей Великсона Рымарская 3,** (рядомъ съ Государственымъ банкомъ).

Требуются агенты. Каталогъ высылается безплатно.

---

## פאריזער נייעסטע מאדעלע

עמפפעהלט דער בעקאנטע מאגאזין פאן דאמען-מענטעל, וויערכזען צו פוטער און קאסטיומען

**ד. בארדאווסקי ווארשא, לעשנא № 9 וואהנ. 4**

אויפס פערלאנג פערפערטיגע אללער ארט בעשטעלונגען אין 24 שטונדען. 147 25—17

---

## פאבריק פון אייזערנע קאסעטקעס (קליינע קאסעלעך)

# A. LAMPRECHT

CZERNIAKOWSKA 98, W WARSZAWIE

עמפפעהלט אויטאמאטישע שפאר-קאסעס שטארק און שען געארבייט.

אנגרא פערקויף אין דער פאבריק.

איינצעל פערקויף אין ווארשא ביי: 240 8—6

K. BRUN, PLAC TEATRALNY.